LEVI PAPIERNIKOV

DERCEJLUNGEN UN SKICN

*

# ל׳וי פאפיערניקאוו

## דערציילונגען און סקיצן

PRINTED IN ISRAEL 1979

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף
פון יידישן ליטעראַטן־פאַריין אין תל־אביב

דפוס „אור״ בע״מ, תל־אביב, שד׳ הר־ציון 104, טל. 822481

# אין אויטאָבוס

(אַ בילד)

די זון האָט געגומען נייגן צו מערב. שטיקער גאָלדיקע ליכט־פּלעקן זענען געשפּרונגען פון אָרט צו אָרט און פון פּנים אויף פּנים פון די אויטאָבוס־פּאַסאַזשירן. דער שאָפער האָט מיט אַ פּאָרויס־אָנגעצילטן בליק געטריבן די מאַשין, וואָס האָט גיריק, מיט געאייל געשלונגען קילאָמעטערס טונקל־גראָע טאַשמע: דעם כביש, וואָס האָט זיך געשמאָלצן פונעם תמוז־טאָג. אויף איינע פון די בענק זענען געזעסן אַ מאַן און אַ פרוי. זי, אַ ברונעטיק, מיט עטוואָס שיפּלעכע שמאָלע אויגן־שניטן און לייכט־אַרויס־שטייענדיקע קינבאַקן מיט אַ מויל ווייסע, פעסטע ציין. ער, מיט אַ העל פּנים מיט אַ לייכטע פאַרויטלטקייט, מיט אַ הויכן גלאַטיקן שטערן און מיט גרויסע רונדע ברילן־גלעזער אין אַ געגילדעטן געשטעל. אין דער פאַרהעלטנישמעסיקער שטילקייט אין אוי־טאָבוס האָט זיך געהערט נאָר די אויפגערעגטע שטים פון דאָזיקן מאַן, וואָס האָט מיט פאַרביטערונג אַריבערגערעדט צו דער באַנק הינטער זיך, צו זיינס אַ באַקאַנטן:

— שוין פיר חדשים אין לאַנד, געאַרבעט אַ זעקס וואָכן און — שוין אָפּגעזאָגט!

— מיין מאַן איז שוין פאַרפאָרן מער ווי די געלט־הלוואה, וואָס ער האָט באַקומען פון דער סוכנות. שוין צעריסן די שיך — פון אַרומלויפן מיט רעקאָמענדאַציע־בריוועלעך פון אַמט צו אַמט — האָט די ברונעטע פרוי אין אַ פּויליש מיט אַ שטאַרק רוסישן אַקצענט, אַרויסגעהאָלפן איר מאַן.

— צו וואָס דאָס אָפּנאַרן, צו וואָס איז געווען דאָס פאַרזיכערן אים דאָרט, אַז מיט זיין באַרוף וועט ער, ווי נאָר ער וועט אַראָפּ פון שיף, ווערן באַשעפטיקט — האָט זיך ווייטער געהערט די אויפגערעגטע שטים פון נייעם עולה, וואָס האָט אַריבערגערעדט הינטער זיך.

— ריכטיק, מען דאַרף טאַקע דאָרט נישט איבערטרייבן מיט צוזאָגענישן. אָבער אַז מען באַקומט אַרבעט נאָך דריי פיר חדשים, קען מען עס היינט אָנרופן „באַלד באַקומען"... נעמט און באַטראַכט די הילף וואָס איר באַקומט היינט־צו־טאָג ביים אָנקומען אין לאַנד, און די, וואָס מיר האָבן באַקומען, ווען מיר זענען געקומען אין לאַנד אריין, מיט צענדליקער יאָרן צוריק. נאָר נישט פאַרצווייפלען. נאָר נישט פאַרצווייפלען. איר וועט באַקומען אַרבעט — האָט אים רויק אויפגעקלערט דער באַקאַנטער זיינער.

דערויף האָט דער נייער עולה נערוועז אַראָפּגעכאַפּט זיינע געגילדעטע ברילן, גענומען ווישן מיט אַ שטיקל זאַמש די גרויסע בליאַסקנדיקע גלעזער, און ווי דורך די ציין אַראָפּגעזאָגט:

— כ'בין געווען משוגע! כ'בין ווערט שמיץ פאַר לאָזן זיך באַאיינפלוסן פונעם אַנטלויף־פּסיכאָז, וואָס האָט מיטאַמאָל אַלעמען אַרומגעכאַפּט!

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטיל געמורמל פון איין עק אויטאָבוס צום צווייטן. אַ יונגערמאַן וואָס איז געזעסן הינטערן שאָפער מיט אַ גרויסן ברוינעם הונט ביי זיינע פיס, און די גאַנצע צייט ווי געווען פאַרקוקט דורכן פענצטער ערגעץ צו דער ווייט, האָט זיך גענומען אומגעדולדיק באַוועגן אויף זיין זיץ־פּלאַץ...

— געהאַט אַן אָנשטענדיק אויסמעבלירטע וווינונג, געזעסן אויף אַן ערשטקלאַסיקן פּאָסטן און די קינדער האָט פון גאָרנישט געפעלט — האָב איך גענומען און אַלץ איבערגעלאָזט... האָט דער מאַן גערעדט ווי צו זיך.

— וואַרט אַ ווײַלע! איר, אַן אינטעליגענטער מענטש האָט סתם אַזוי, אָן שום סיבה, איבערגעלאָזט דאָס אויסגערעכנטע גוטס, און אַנטלאָפן בלויז דערפאַר, וואָס אַנדערע זענען געלאָפן — האָט אים, שוין בײַזלעך, אַ פרעג־געטאָן זײַן באַקאַנטער הינטער אים.

— ס'האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אַנדערע ווינטן, און דער ייד, האָט שטענדיק מורא פאַרן מינדסטן ווינטל — ס'זאָל דערפון נישט אויסברעכן קיין שטורעם...

— יאָ, — האָט די פרוי גענומען אַרויסהעלפן איר מאַן — ל'עצטנס האָט מען אויף אונדזערע צוויי ייִנגלעך אין דער שולע גענומען שרײַען „פאַרשיווי זשיד", און אינעם הויף, האָבן די פוילישע קינדער זיי נישט געלאָזט אויף די אויגן. אַז כ'האָב געפּרוווט פאַר זייערע עלטערן פּראָטעסטירן, האָבן זיי מיך באַלייגט מיט „שמיערדזאָנצאַ" „זשידוואַ" און „בײַליסאָוואַ", נו, האָבן מיר געוואָלט זײַן צווישן אייגענע, און אַהערגעקומען.

— דעריבער דאַרפט איר טאַקע וויסן, אַז דאָס זײַן צווישן אייגענע, מוז קאָסטן און איז עפּעס ווערט — האָט אים געלאָסן געענטפערט דער באַקאַנטער.

— איז וואָס ווילט איר פון אונדז?! — האָבן זיך גענומען קאָכן מאַן און ווײַב — איר ווילט, אַז דאָס ביסל גוטס וואָס מיר האָבן דערוואָרבן נאָך אַ סך יאָרן מי און פּראַצע, זאָלן מיר דאָ צעטרענצלען?... וואָס וועט שוין זײַן, אַז מיר'ן שוין אויפעסן דעם קלאָוויר און וואָס ווײַטער?!

— מענטשן האָבן ווערטפולערס פון אַ קלאָוויר מקריב־געווען פאַר זייער לאַנד, פאַר זייער היים! האָט מיט געצווימטער אויפ־רעגונג — דער יונגערמאַן וואָס מיטן ברוינעם הונט, פּלוצעם אַ זאָג־געטאָן און, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ הינטער זיך, אָנטקעגן די פּנימער פון מאַן און ווײַב, די צוויי נייע עולים און, זיי שטאַרק אָנגעקוקט מיט פאַרגלאָצטע אויגן, ווי מיט פאַרלאָשענע לאָמטערן...

אַלע אין אויטאָבוס זענען ווי פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ שווייגן. ס'האָט זיך בלויז געהערט דאָס ווייכע געדעמפּטע דרייען זיך פון די גומי־רעדער...

# זיין גרויסער סוד

דער אַלטער מלמד אפרים אליהו, האָט געוווּסט וואָס ער טוט, ווען ער האָט אין תימן אַוועקגעגעבן זיין טאָכטער צום לאַנגן זכריה, אַ ייד וואָס קאָן זיך אַן עצה־געבן אין לעבן. אַזעלכער איז ער געווען אין זיין געבוירן־אָרט אין תימן, און אַזעלכער איז ער אויך געבליבן, קומענדיק קיין ישראל. אין דער מעברה ווו ער האָט געווינט האָבן אים אַלע געקענט, ווייל ער איז געווען דער העכסטער פון אַלע מעברה־איינוווינער און געהאַט האָט ער דאָס קלענסטע ווייב און, ווייל ער איז געווען דער איינציקער פון דער גאַנצער מעברה, וועגן וועמען מ'האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי און פון וואָס, ער מאַכט אַ לעבן.



ערלעך און שווער, האָט דער לאַנגער זכריה זיך אויסגעשלאָגן די חיונה פאַר זיך און פאַר זיין גרויסער משפּחה פון קיין עין הרע נישט — צען מיילער צום טעפּל...

גאַנץ פרי, נאָך פאַרן אויפשפּראָץ פונעם טאָג, שפּאַנט ער שוין, דער לאַנגער זכריה, אין דער נאַכטיקער פינצטערניש איבער די נאָך־שלאָפנדיקע געסלעך פון דער קריה, מיט אַ גרויסן זאַק פאַרוואָרפן איבער די אַקסלען און בודק'ט די מיסט־פעסער. די אויגן זיינע וועלכע האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו דער נאַכט־פינצטערניש, באַמערקן יעדע קלייניקייט און געפינען אין זיי זאַכן, וואָס האָבן נאָך וועלכע ס'איז ווערט.

אין זיינע ערשטע נאַכט־וואַנדערונגען — נאָכדעם ווי ס׳איז אים איינגעפאַלן דער גליקלעכער געדאַנק — איז ער געוועזן דאָס שרעק־בילד פאַר די קעץ און היימלאָזע הינט, וואָס נישטערן אין די מיסט־פעסער. נישט איינמאָל פלעגט ער, אַריינשטעקנדיק זיין האַנט אין פאַס צו זוכן „אַנטיקן" — צעשטערן אַ קאַצישע סעודה און, זיי פלעגן מיט פינקלדיקע אויגן און ווילד פאַר פחד — אַרויסשפּרינגען און אַנטרונען ווערן אין חושך.

ביסלעכווייז, האָבן סיי די קעץ און סיי די הינט, זיך אויפ־געהערט צו שרעקן פאַר זכריהן. נישט נאָר וואָס זיי זענען נישט אַנטלאָפן פאַר אים, ווען ער פלעגט זיך באַווייזן מיטן זאַק אויפן אַקסל, נאָר זיי פלעגן אים שוין אַנטקעגנלויפן און נאָכלויפן.

ווען אַלע אין דער מעברה שלאָפן נאָך, שלעפּט זיך שוין דער לאַנגער זכריה, שטיל ווי אַ גנב — מיט אַ פול־אָנגע־שטאָפּטן זאַק — אויפן וועג אַהיים צו זיין בדון.

ווען די זון שטייט שוין גאַנץ הויך, טוט זיך דער לאַנגער זכריה אָן, און נאָך דעם ווי ער האָט שוין אָפּגעדאַוונט, אָפּגעגעסן, און אָפּגעבענטשט — פאַרשליסט ער די טיר, ליידיקט אויס דעם שווערן זאַק אין דער מיט פון בדון און נעמט זיך סאָרטירן דעם שלל אַרטיקלען — אין באַזונדערע הויפנס: אַלטע שיך, פלעשער, אַלטע זוילן, שטיקלעך מעש, קופּער, צינק, עלעקטרישע דראָטן, פּתיליות, פּרימוסן און קליידונג...

די אַכט קינדער, וואָס ריגלען אים אַרום — העלפן אים אין זיין אַרבעט. זיי ווייסן שוין צו וועלכן הויפן יעדע זאַך דאַרף געוואָרפן־ווערן. זיי ווייסן אויך, אַז שטענדיק, נאָכן סאָרטירן, בלייבט אויך עפּעס פאַר דער שטוב: אַן אַלטער עמער, אַ פּרימוס, אַ בענקל אויף דריי פיס און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס זכריה איז אַ מייסטער צו פאַריכטן און צו מאַכן זיי צוריק ניי...

בעת דער לאַנגער זכריה איז פאַרטיפט אינעם סאָרטירן זיין נאַכט־פאַנג... שטייט שרה, דאָס ווייבעלע זיינס מיט פאַר־לייגטע הענט און באַטראַכט מיט פאַרגעניגן דאָס גוטס... וואָס

איר מאַן האָט היינט אָנגעברענגט, און זי וווּנדערט זיך ווי אַזוי קאָנען מענטשן אַרויסוואַרפן אַזעלכע גוטע, נוצלעכע זאַכן.

— האָסט עפּעס היינט גאָר גוטע זאַכן אָנגעברענגט, זאָגט זי צום סוף מיט אַ צופרידענעם שמייכל.

דער לאַנגער זכריה ענטפערט נישט, נאָר צעלאַכט זיך מיטן גאַנצן מויל, אַרויסווייזנדיק די ברייטע, ווייסע געזונטע ציין זיינע.

זכריה איז מיט דער צייט געוואָרן גאָר איינגעאיבט און דערפאַרן, אין זיין מסחר. ער ווייסט שוין דעם ווערט פון יעדע זאַך: וויפל ס׳צאָלט זיך אַ קילאָ בליי, מעש, קופּער, שמאַטעס, פּלעשער, אַלטע קרעפּ און אַזוי ווייטער.

איינגעסדרט די „סחורה״, פּאַקט ער זי איין לויט די מינים אין באַזונדערע זעקלעך און, וואַרט אויף אַ פּאַסיקער שעה, זיך אַרויסצושלייכן מיט איינס פון די זעקלעך אויפן וועג צום סוחר, דעם „שכנזי״.

זכריה איז כמעט ווי זיכער, אַז זיין איינפאַל ווי אַזוי זיך איינצוואָרדענען אין לעבן, קאָן אים אַזוי לאַנג דינען, ווי לאַנג קיינער פון די מעברה־איינוווינער ווייסט נישט דערפון. היינטיקע צייטן, ווען מענטשן האָבן אַזעלכע גרויסע אויגן איינער אויפן צווייטן, דאַרף מען אַזאַ פּרנסה נישט לאָזן אויף פרעמדע אויגן...

ווען עמעצער פלעגט צו אים צושטיין און אָפן פרעגן: היתכן? ווי איז דאָס מעגלעך, זכריה? אין דער „לשכת עבודה״ זעט מען דיך נישט; דיין ווייבל גייט בסך־הכל אויף עטלעכע שעה אין טאָג מאַכן „ספּאָנדזשע״ און צום טעפּל זענט איר צען מיילער, נו?! — פלעגט זכריה האָבן איין און דעם זעלבן ענטפער: „השם יתברך פאַרלאָזט נישט״!



צורעכטמאַכנדיק די לאַנגע, געקרייזלטע פּיאות מיטן ציגן בערדל, לאָזט זיך דער לאַנגער זכריה, שבת נאָכן מיטאָג־דרעמל אַרויס מיט ווייב און קינדער אויף אַ שפּאַציר צו די געסלעך פון דער נאָענטער קריה.

אָנגעטאָן אין אַ בלויען בערעט און אין אַ ברוין ווייס־געשטרייפטן רעקל אין וועלכן די אַרבל ענדיקן זיך אַ שטיק פאַר די ז'לאָניעס, און אין אַ פּאָר שמאָלע גרינע הויזן פון וועלכע די פיס קוקן צופיל אַרויס — גייט זכריה מיט לאַנגזאַמע, שבתדיקע טריטלעך און האַלט זיין שרה'ן ביי דער האַנט, ווי מען פירט אַ קינד. דאָס ווייבעלע קוקט צו אים אַרויף מיט גרויס דרך ארץ, און ציט מיט דער צווייטער האַנט נאָך זיך — אַ קייט פון אַכט קינדער, וואָס איינס איז קלענער פון צווייטן, און יעדעס — געקליידט אין אַ פינף־זעקס פאַרשידנפאַרביקע קליידער־קאָמבינאַציע וואָס שטאַמט פון דער אייגענער אונטער־נעמונג...

דעם סוד ווי אַזוי „מען מאַכט אַ לעבן”, האָט ער נאָך ביז היינט, פאַר קיינעם נישט אויסגעגעבן...

# דער בייגל־פּאַרקויפער

נאָך איידער ס׳האָט זיך באַוויזן דער ערשטער אויטאָבוס, וואָס האָט מיט זיין מאָטאָר־געדויש צעריסן די אַרומיקע נאַכט־שטילקייט, האָט זיך שוין פון ווייטן, אינעם קאַרג־באַלויכטענעם לאַנגן חלל, אַרויסגעשניטן דער סילועט פון אַ לאַנגן, שמאָלן מענטש מיט אַ קויש נעבן זיינע פיס.

שוין עטלעכע יאָר ווי דער קנאַכיקער, איבערגעוואַקסענער מענטש מיט די פּאַרויסלויפנדיקע שמאָלע אַקסלען, האָט אויס־געוויילט דעם דאָזיקן פלאַץ אונטערן ברייט־ צעצווייגטן בוים, וואָס נעבן דער אויטאָבוסן־תחנה, פאַר זיין מקום פרנסה. שוין עטלעכע יאָר ווי ער איז מהנה מיט זיינע פרישע וואַרעמע בייגע־לעך, די נאָך האַלב־פאַרשלאָפענע ערשטע אויטאָבוס־פּאַסאַזשירן און די סתם ווייניקע דורכגייער, וואָס איילן זיך שוין ערגעץ־ווו אַוועק — אינעם בלאַסן שיין פון די נאָך ברענענדיקע עלעקטרישע גאַסן־לאָמפּן.

שטייט ער אַזוי יעדן פאַרטאָג אונטערן בוים, און ברומט מיט אַ גמרא־ניגון אין דער הוילער, נאָך שלאָפנדיקער גאַס אַריין:

— כעכי־י־ם טרי־י־ים!

פרישע וואַרעמע בייגעלע־ע־עך!

און זיין לאַנגער מאָגערער גוף וויגט זיך דערביי צום טאַקט — אַ מאָל אויסגעבויגן אַ ביסל צו מערב־צו און אַ מאָל צו מזרח. דאָס קוקט ער מיט זיינע טיף־פאַרזונקענע גרויע אויגן צו בײדע זײטן גאַס, צו די שטומע מויערן מיט די בלינדע, פאַרלאָ־

שענע פענצטער־שויבן — אפשר וועלן זיי פון זיך אויסשפייען אַ קונה מיט אַ גוטער האַנט אויף אַ „פּאַטשאַנטעק״...



שוין נאָך די ערשטע עטלעכע פּאַרטאָגן, ווי דער בייגל־פּאַרקויפער האָט זיך באַוויזן אונטערן געדיכט־צעצווייגטן בוים נעבן דער אויטאָבוסן־תחנה, האָט ער אין דער נאַכטיק־פּאַרטאָגיקער, אומעטיקער ליידיקייט פון דער לאַנגער גאַס באַקומען אַן אומגעריכטן פריינד: אַ גרויסן, לאַנג־גופיקן שמוציק־ברוינעם הונט מיט לאַנגע, אַראָפּהענגענדיקע אויערן.

דעם ערשטן טאָג האָט זיך דער היימלאָזער הונט, אַרומגעדרייט אַרום אים און אַרום דעם קיצלדיקן ריח פון זיינע פרישע וואַרעמע בייגעלעך. מיט יעדן טאָג האָט ער אַלץ מער און מער דערנענטערט דעם קרייז אַרום אים און, דער בייגל־פּאַרקויפער האָט געהאַט אַ פּאַרדאַכט, אַז נישט אַנדערש, נאָר דער אויסגעדאַרטער, הונגעריקער הונט, זוכט אַ געלעגנהייט אַ כאַפּ־צו־טאָן עפּעס פונעם קוישל און אַנטלויפן. ס׳איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דער היימלאָזער הונט וויל פּשוט שליסן מיט אים פריינדשאַפט, פריינדשאַפט מיט אַ מענטש וואָס שלעפּט זיך ווי ער אַרום אין דער נאַכט, ווען אַלע אַנדערע זיינס־גלייכן שלאָפן נאָך רויִק אין זייערע היימען.

דער הונט איז וואָס ווייטער, אַלץ מער געוואָרן צוגעבונדן צום בייגל־פּאַרקויפער — אַזוי, אַז איידער ער פלעגט זיך נאָך באַווייזן מיטן אָנגעהאָנגענעם קויש אויפן אָרעם, איז שוין דער הונט געלעגן מיט זיין אויסגעצויגענער מאָרדע אויף די פאָדערשטע אויסגעשטרעקטע לאַפּעס און, געקוקט אין דער ריכטונג פון וואַנען דער בייגל־פּאַרקויפער דאַרף קומען.

נישט איין מאָל, האָבן די צוויי פּאָר אויגן — די פונעם בייגל־פּאַרקויפער און די פונעם היימלאָזן הונט — זיך צוזאַ־

מענגעטראָפן און זיך אײַנגעקוקט אײנער אינעם צװײטן, װי זײ װאָלטן זיך זאָגן:

— אַזױ ברודערל... אַזױ איז עס אונדזער גורל אויף דעם װעלטל...



ס׳האָבן זיך געשטעלט שװערע װינטער־פּאַרטאָגן מיט פליי־צנדיקע שלאַק־רעגנס, באַגלייט פון אויפטרייסלענדיקע בליצן און דונערן: פּאַרטאָגן — מיט די מעסער־שאַרפע, בלאָזנדיקע קאַלטע װינטן, װאָס האָבן געשניטן פּאַסן לייב.

דער בייגל־פּאַרקויפער האָט קיין איין מאָל אין אָט די פּאַרטאָגן נישט פאַרפעלט צו קומען צו זיין מקום־פּרנסה... איינגע־װיקלט אין אַ ברייטן, געלעכערטן גומי־מאַנטל, מיט אַ דיקן, רויטן װאָלענעם שאַל, אַרומגענומען עטלעכע מאָל אַרום דעם לאַנגן דינעם האַלדז, און מיט אַן אַראָפּגערוקטן טיף איבער די אויערן, גרויסן שװאַרצן הוט מיט ברייטע ראַנדן, האָט ער, נאָך מער איינבייגנדיק פאָרויס דעם לאַנגן דאַרן גוף, זיך גע־שלעפּט אינעם פלייץ־רעגן אַן אַדורכגעװייקטער מיטן קױשל בייגל װאָס איז געװען פאַרדעקט מיט אַ צעראַטע.

ביי זיין פּאַרקויף־שטעלע אונטערן בוים, האָט שוין װי יעדן פרימאָרגן, געװאַרט אויף אים דער הימלאָזער הונט...



אַז דער בייגל־פּאַרקויפער װייזט זיך שוין נישט זינט עטלעכע טעג ביי דער תחנה און עס הערט זיך נישט מער זיין רעקלאַמירן די פרישע װאַרעמע בייגעלעך — האָט קיינער נישט באַמערקט... בלויז דער הימלאָזער הונט האָט זיך נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען, געהאַלטן אין איין קוקן און זוכן מיט זיינע

אומרו:קע אויגן אין אַלע זייטן... זיך געדרייט צווישן די מענטש־לעכע פיס אַרום דער תחנה, געקוקט מיט זיינע הינטיש־ טרויע־ריקע אויגן יעדן אין פנים אַריין — ווי ער וואָלט פרעגן:

זאָגט מייערע, ווו איז אַוועקגעקומען אַזאַ איינער ווי איר, — אַ מענטש מיט אַ קוישל בייגל ?...

אָנשטאָט אַן ענטפער האָט דער הונט באַקומען קלעפּ פאַרן אַרומפּלאָנטערן זיך צווישן די פיס, און פון איינעם אַ פאַרביטערטן מענטש, — באַקומען אַזאַ קאָפּ מיטן שפּיץ פון שיך אינעם ליידיקן בויך זיינעם, אַז עס האָט אַזש אָפּגעקלונגען ווי אַ קלאַפּ אין אַ פּויק... און ער איז, דרייענדיק זיך פון ווייטיק, אַראָפּ אין מיטן גאַס און פאַרריסן דעם קאָפּ צו דער נאָך־לייכטנדיקער לבנה — אַרויסגעלאָזט אַ לאַנג־אויסגעצויגענעם געוווי, וואָס איבערגעריסן אים, האָט אַן אָנפּאָרנדיקע טאַקסי, וואָס איז מיט די רעדער אַריבער איבער אים...

# ברויט

געגאַנגען אין אַ זונטיק אינדערפרי אין גאַס, האָב איך — ווי דאָס טרעפט זיך מערסטנס אין דאָזיקן טאָג — צום וויפלסטן מאָל שוין, אָנגעטראָפן ליגן אין די מיסט־קעסלען אַרויסגע־שטעלטע פאַר די הייזער — גאַנצע און האַלבע ווייסע חלות און ברויט. ברויט אין מיסט־קעסלען! ברויט, דער אינהאַלט פונעם לעבן, ברויט, ברויט, וואָס אין קאַמף, עס צו דערגרייכן — האָבן מענטשן פאַרלוירן זייער לעבן, געפונען דעם טויט...

געקוקט אויף די ווייסע חלות און ברויט, וואָס זענען געלעגן אין די מיסט־קעסלען, האָט פאַר מיר פאַרבייגעשוועבט די פאָל־גענדע גרויליקע דערמאָנונג פון מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק, בעת די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט וואַרשע:

געפונען זיך צופעליק מיטן אויפשפראָץ פונעם טאָג אין גאַס, אויף דער „שמאָלע מילע", און דערזען אין דער אַרומיקער דראָענדער שטילקייט, ווי אַן אָרעם־געקליידטע פרוי שפּאַנט מיט אייליקע טריט און, פון הינטער איר פאַטשיילע־אַפער, וואָס זי דריקט צום האַרץ, קוקט אַרויס אַ קינדיש קעפּל... און אַ ברוינלעך ברייטל — האָב איך ביי איר אַ פרעג־געטאָן: „ווו" ?...

אַ פאַריאַכמעטע, האָט מיר די פרוי אויף גיך אַ ווייז־געטאָן מיטן קאָפּ, אָנגערופן אַ נומער און ווייטער געאיילט אין איר וועג. כ'האָב מיט לאַנגע אונטערלויפנדיקע שפּרייזן געאיילט צום הויז, אין וועלכן ס'האָט אינעם דריטן הייפל, אין אַ סוטערינע, זיך געדאַרפט געפונען די בעקעריי. שוין געפונען זיך אינעם צווייטן הויף פון הויז, האָב איך מיטאַמאָל דערהערט אַ שוין גוט־

באַקאַנטן מאָטאָרן־גערויש איבער מיין קאָפּ און צוגלייך, אַ גערדיכטן געשטעפּ פון אַ מאַשין־געווער. נישט אָריענטירט זיך וואַהין ס׳איז געצילט דער געשטעפּ פונעם דייטשישן עראָפּלאַן, בין איך אַריינגעלאָפן אין אַ דורכגאַנג־טויער, וואָס פאַרן דריטן הייפל. ווייטער לויפן האָב איך שוין נישט געקענט, ווייל... אויף די שטיינער פונעם דריטן הייפל, זענען שוין געלעגן ביי אַ צענדליק קרבנות פון די דייטשישע קוילן, נעבן וועלכע ס׳האָבן זיך גענומען שאַפן רויטע ריטשקעלעך... נאָך נישט באַוויזן צו קומען צו זיך׳ פונעם שוידערלעכן בילד, איז פאַר מיינע אויגן געשען עפּעס אומגעווענלעכס, מאַקאַברישעס:

די לעבנגעבליבענע, מיט טויט־בלאַסע פנימער און גרויסע צעשראָקענע אויגן, ווען דער פּחד פאַרן טויט, האָט אַריינגעיאָגט אינעם דורכגאַנג־טויער — האָבן פּלוצעם מיט אימפּעט זיך אַ לאָז־געטאָן צום פענצטער פון דער סוטערינע, און, ווי נישט געזען די הרוגים אַרום זיך — גענומען זיך רייסן, שטויסן און שלאָגן — פאַר אַ טונקל, ליימיק ברייטל — אויף וועלכן ס׳איז איצט געווען מער האָפענונג, אַז ס׳וועט דערגרייכן צו זיי...

# אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה

פאַרשפּעטיקט דעם לעצטן אויטאָבוס פון תל־אביב קיין חיפה, האָב איך אין דער נאָך אַלץ נישט זייער באַקאַנטער מיר שטאָט געגומען זוכן אַ טעקסי, וואָס זאָל מיך אָפּפירן אַהיים.

אַ מידער, מער פונעם שטאָט־רעש ווי פונעם אַרומשפּאַנען איבער איר שעהען לאַנג — האָב איך באַשלאָסן זיך אַוועקזעצן אויף איינער פון די בענק אויף דער אלנבי און פּרווון מיין מזל ביי אַ דורכפאָרנדיקער טעקסי. באַמערקט אַז אויף אַ באַנק ווייטער זיצט אַן איינצלנער מענטש, האָב איך גענומען זיך דער־נענטערן צו אים — מיטן געדאַנק, אַז אין צווייען איז אין אָט דער שעה בעסער...

געווען איז עס אַן עלטערער מאַן אין אַ מאַנטל פאַרקנעפּלט אויף אַלע קנעפּ, דעם קאָלנער אויפגעשטעלט קעגן דעם אָנהייב־זומערדיקן מילדן ווינטעלע, וואָס האָט געשויבערט זיינע זילבער־גראָע האָר.

כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט נעבן דעם אומבאַקאַנטן מענטש, געזאָגט אים אַ „גוט אָוונט״, אויף וועלכן ער האָט בלויז, קוים אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ. אויף מיין פראַגע צי ער וואַרט אויך אויף אַ טעקסי קיין חיפה — האָב איך ווידער באַקומען פון אים נאָר אַ דריי מיטן קאָפּ אויף ביין.

ווען נישט זיין מאָגער, איינגעפאַלן פּנים און זיינע צוויי טיפע, אומהיימלעכע, גרויסע אויגן, וואָלט איך אויף זיין ענטפערן מיר בלויז מיט אַ דריי מיטן קאָפּ — „געלאָזט אים לויפן״, אָבער זיין אויסזען און די מאָדנע האַלטונג זיינע האָט מיך פאַראינטע־

רעסירט און כ׳האָב אים נאָך אַ מאָל געפרעגט צי ער וואַרט אויף אַ טעקסי קיין חיפה, אָדער ער איז אַ תל־אביבער און וויל בלויז צופאָרן אַהיים.

— ניין. — האָט ער דאָס מאָל געענטפערט אַן איינציק וואָרט.

— וואָס „ניין״ — האָב איך אים פשוט, ווי געצוווּנגען צו רעדן — איר זענט נישט קיין תל־אביבער, אָדער איר וואַרט נישט אויף קיין טעקסי?

—ביידע נישט. — האָט ער מיר שוין געענטפערט צוויי ווערטער...

— איר וועט מיר מוחל זיין מיין צודרינגלעכקייט — האָב איך נישט אָפּגעלאָזט — אין אַזאַ שפּעטער שעה, אין אַ פרעמדער, כמעט אויסגעליידיקטער שטאָט, ווילט זיך רעדן מיט אַ מענטש אַ וואָרט און הערן דעם קלאַנג פון אַן ענטפער... און... אויב אַזוי — פון וואַנען איז אַ ייד און, וואָס טוט איר דאָ איינער אַליין אין דער שפּעטער שעה? — ליידט איר פון שלאָפלאָזיקייט?

— ניין, ניין. — איז געקומען אַ שטילער, אָבער שנעלער ענטפער. — איך בין פון אַרום ירושלים און דאָ זיץ איך נישט איינער אַליין.

— וואָס הייסט „נישט איינער אַליין״?! איך זע דאָך דאָ קיינעם נישט נעבן אייך. מיינט איר אפשר מיך, אָדער איר וואַרט דאָ עמעצן אָפּ. כ׳פאַרשטיי אַז נישט קיין מיידל פון אַכצן יאָר... — דערלויב איך זיך צו מאַכן אַ שפּאַס.

— וואָס? איר זעט דאָ אויסער מיך, קיינעם נישט?... אָבער עמעצער איז דאָ מיט מיר און טרעט נישט אָפּ פון מיר אויף קיין רגע... ער באַגלייט מיין יעדן שפּאַן... — האָט ער שטיל און סודותדיק צוגעגעבן.

— הערט אדון, — זאָג איך צו אים — דער גרויסער חורבן אין וועלכן ס׳איז פאַרטיליקט געוואָרן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, האָט ביי אַלע לעבנגעבליבענע איבערגעלאָזט אַן אומ־

געהויערן וווייטיק נאָך זייערע נאָענטע פאַרשניטענע. מען מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין! דאָס איז אַ געבאָט און געזעץ פונעם לעבן!

— ניין, ניין, נישט דאָס מיין איך... מיך האָט עס אָפּגעגליקט, כמעט אַלע נאָענטסטע מיינע זענען געבליבן ביים לעבן. מיך, באַגלייט לעצטנס דער מלאך־המוות... — האָט ער צוגעבויגן צו מיר זיין קאָפּ און נאָך שטילער און סודותפולער כמעט אַריינגעשעפּטשעט מיר אין אויער.

כ׳האָב אינסטינקטיוו זיך אַ ביסל אָפּגערוקט פון אים און געזאָגט:

— וואָס זענען דאָס פאַר אַ ווערטער! ווילט איר מאַכן שפּאַס פון מיר? — כאָטש געפילט האָב איך, אַז ס׳איז נישט אַזוי...

— ניין, נישט קיין שפּאַס... איר הערט, זינט יעדער איינער פון די דאָקטוירים, וואָס כ׳האָב באַזוכט, האָט פעסטגעשטעלט אַן אַנדערע דיאַגנאָז און פאַרשריבן מיר אַנדערע רפואות, וואָס אַלע צוזאַמען האָבן געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס... האָב איך אים, דעם מלאך־המוות, גענומען פילן נעבן זיך, אויף טריט און שריט...

כ׳האָב גענומען קוקן אין אַלע זייטן צי ס׳באַווייזט זיך נישט קיין טעקסי... און דערביי, געפרעגט, ווי איבער זיין קאָפּ אַריבער:

— איז אויב איר פילט זיך אַזוי קראַנק, פאַר וואָס געפינט איר זיך נישט אין דער היים?! צי האָט איר נישט קיין פרוי, קיין קינדער?

— יאָ, כ׳האָב אַ פרוי און צוויי אויסגעגעבענע טעכטער. איינע וווינט אין חיפה און די צווייטע אין נתניה. כ׳האָב זיי שוין אַ צייט נישט געזען. זינט „ער" האָט מיך אָנגעהויבן באַגלייטן... וואָס וועל איך האָבן פון דעם, אַז זיי וועלן וויסן דעם אמת פון מיין צושטאַנד? וואָס וועט עס מיר און זיי געבן? זיי, די טעכטער מיינע, וועלן „אים" נישט פאַריאָגן... צו וואָס מאַכן שווער זייער האַרץ. וואָס שייך מיין פרוי — קאָן איך אין שטוב נישט זיין.

אַז כ׳האָב אָנגעהויבן איינזען, אַז צוליב מיין געזונט־צושטאַנד ווערט זי דורך מיר מיט יעדן טאָג אַלץ מער באַלאַסטיקט און אַז דאָס וועט לסוף ברענגען צו דעם, אַז כ׳וועל דורך איר אָנהייבן ווערן געזען בלויז ווי אַ שטערונג... ווי אַן אומנוצלעכע זאַך... — האָב איך באַשלאָסן, אַז ער, דער מלאך־המוות דאַרף נישט קומען נאָך מיר צו מיר אין שטוב... צו וואָס דאַרף זי זיין דערביי... צו וואָס איר אָנטאָן עגמת־נפש, ווען אַפילו נישט אויף לאַנג... — זי איז יינגער פון מיר מיט פופצן יאָר... וועט איר דאָך מסתמא זאָגן, אַז אויסער אַ פרוי האָט מען אויך פריינד און באַקאַנטע — איז, נאָט אייך פאַר דעם אַלעם אַ צעבראָכענעם צווייער. וואָס וועל איך שוין האָבן פון דעם, אַז ס׳וועט ווער לאָזן אַ טרער אָדער געבן אַ קרעכץ און, לסוף — זיך איילן אַהיים פון בית־הקברות — עסן מיטאָג אין זיין געוווינטער צייט... יאָ... מיינע טעג, אפשר שעהען צי גאָר מינוטן — קאָנען זיין געציילטע... ווער קאָן וויסן...

ווי כ׳האָב אין אָנהייב נישט געקאָנט פון אים אַרויסבאַקומען אַ וואָרט, אַזוי האָב איך נישט געקאָנט אים אָפּשטעלן.

— יאָ אדון, — האָט ער נישט אַוועקגענומען פון מיר זיין שטאַרן בליק — „ער" פירט מיך כסדר אונטערן אָרעם און דאַרף בלויז זאָגן, קום! כ׳וואָלט אָבער געוואָלט דאָס זאָל זיין ווייט פון מענטשן. אויך איר זאָלט דערביי נישט זיין... דאָס זאָל געשען ערגעץ ווייט...

כ׳האָב אינסטינקטיוו אַ קוק־געטאָן צו דער „ווייט", צו וועלכער ער האָט אָנגעוויזן מיט זיין לאַנגן, דאַרן פינגער, און — דערזען אַן אָנפאָרנדיקע טעקסי. כ׳בין האַסטיק אויפגעשפרונגען פון דער באַנק און, אָן צו זאָגן אַ „לילה טוב", — זיך אַוועק־געשטעלט אויפן וועג מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס... די טעקסי האָט זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט, ס׳האָט ווער געעפנט פאַר מיר דאָס טירל און איך, נישט פרעגנדיק וווהין ער פאָרט — האָב איך זיך, ווי אַ געיאָגטער, אַריינגעשטופּט אין דער טעקסי...

# אין אַ פרימאָרגן

גייענדיק, ווי יעדן טאָג, אין אַ טריבן האַרבסטיקן פרימאָרגן צו דער אויטאָבוסן־סטאַציע פון מיין וווינאָרט אין דער קריה, האָט מיין בליק סתם אַ בלאָנדזשע־געטאָן אין דער ווייט פונעם גרויסן זאַמדיקן פעלד און געבליבן ווי צוגעוואַקסן צו אַ בערגל ברוכוואַרג און גרוז, וואָס האָט זיך געפונען ביי אַ פופציק־זעכציק מעטער פונעם כביש.

אין דער מיט פונעם בערגל, האָט אַרויסגעשטאַרצט אַן אויסגעשטרעקטער מענטשלעכער פוס, — ווי אַ שפרונג־צו־טאָן אַרויף צום פאַרבלייעטן הימל.

ווי אַ בליץ איז מיר דורך אַ געדאַנק, אַז די נאַכט איז דאָ פאָרגעקומען אַ שרעקלעכער מאָרד...

כ׳האָב געמאַכט אַ שפּאַן פאָרויס צום אָרט פון דער שרעקלעכער געהיימעניש. די לאָגיק האָט מיר אָבער אונטערגעזאָגט, אַז ס׳איז אין יעדן פאַל גלייכער זיך אָפּצוטראָגן פונעם אָרט ווו ס׳איז פאָרגעקומען דאָס פאַרברעכן. נאָר דורכגענומען מיט אַ דערוועקט גרויס נייגער — האָב איך מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם גענומען זיך דערנענטערן צום אָרט פונעם גרוילקן בילד.

געווען איז עס אַ קינסטלעכער פוס, אַ פּראָטעזע...

אויפן וועג צו דער תחנה האָב איך געטראַכט: וואָלט דער באַלעבאָס פון דער פּראָטעזע נאָך אַרומגעגאַנגען, וואָלט זי דאָ זיכער נישט געלעגן...

# דאַוויק (דביק)

עס זענען נאָך נישט פאַרביי קיין גאַנצע פּיראונצוואַנציק שעה זייט דוביק, דאָס ייִנגסטע קינד אין שטוב, האָט מיט אַן אַרויפגעצויגענעם, באַרוקנדיקן שמייכל און אָנגעשטעלטן מענע־רישן בליק אויף טאַטע־מאַמע און די שוועסטערן זיינע—געדריקט יעדן די האַנט און כדי אויסצומיידן דאָס אַרומנעמען זיך נאָך אַמאָל און ווידער אַ מאָל זיך קושן, און כדי אָפּצושוואַכן די פאַרווירטקייט זייערע די פאַרזאָרגטקייט — האָט ער מעשה־דערוואַקסענער אַ זאָג־געטאָן:

נו, געגנוג, כ׳מוז זיך איילן! אורי, יוסף, גדעון און עזריאל וואַרטן אויף מיר! מיר גייען צוזאַמען.

פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר איז אין שטוב — כאָטש ס׳האָבן זיך אין איר געפונען פינף נפשות — געוואָרן מיטאַמאָל שטיל. שטיל, וויל — נישט געקוקט דערויף וואָס ס׳איז איצט געווען שטאַרק אַ סך וועגן וואָס צו רעדן, האָט יעדער איינער געפילט, אַז עס איז גלייכער צו שווייגן...

אין דער פרי, נאָך די פרימאָרגנדיקע ידיעות אין ראַדיאָ, איז קלאָר געוואָרן, וועגן וואָס מ׳האָט דוביקן, ווי אויך זיינע חברים, גערופן...

נאָך דוביקס פאַרמאַכן הינטער זיך די טיר, נאָך זיין מענע־רישן געזעגענען זיך מיט אַלעמען, איז יעדן געקומען אויפן געדאַנק, ווי סך־הכל נעכטן איז דאָס „קינד" דובעלע נאָך געווען אין שטוב, און ווי עמפינדלעך און סענטימענטאַל איז דאָס געווען, אַזש טרעפנדיק אַמאָל ווי די מאַמע האָט צעשניטן אַ לעבעדיקן

פיש איז ער אַ צערודערטער אַרויסגעלאָפן פון דער קיך און געשווירן, אַז מער וועט נישט קומען קיין פיש אין זיין מויל אַריין, און ס׳איז נאָך נישט פאַרביי קיין פולער מעת־לעת און — ווי ווייט איז ער שוין געווען, דוביק, אין זיין גרויסער דורכגע־מאַכטער איבערלעבונג, ווי ווייט פונעם נעכטן...

ווי דער נעכטן, אין דער געוויינלעכער אויסמעסטונג פון דער צייט, איז אויך זיין היים — אין דער געוויינלעכער אויס־מעסטונג פונעם שטח — געווען אַזוי נאָענט, אַזוי נאָענט צו אים און דאָך אַזוי ווייט. ער וואָלט פונעם אָרט ווו ער האָט זיך איצט געפונען, מיט אַ פשוטער פעלד־לאָרנעטע געקאָנט אַראָפּ־קוקן און זען פון דער ווייט, נישט בלויז די גאַנצע געגנט אַרום זיין ווינאָרט. נאָר אַפילו זיין רויט העמדל, וואָס די מאַמע זיינע האָט נעכטן אינדערפרי איבערגעוואַשן און האָט נאָך איצט, אַ פאַרקלעמטס אויף אַן אָנגעצויגענעם דראָט, פלאַמיק געפלאַטערט אינעם ליכטיק־זוניקן טאָג, ביי אַ פענצטער פון זיין היים.

נאָר די צייט איז נישט געווען פון קוקן אויף צוריק. אויף דער הויכקייט ווו ער האָט זיך געפונען, איז איצט, אין געגרילץ און געבראַזג פון רוישנדיקע טאַנקען, אינעם געדונער און געהויל פון באָמבעס, שראַפּנעלן און גראַנאַטן און אינעם אומאויפהערלעכן מאַשינענגעווער־געשטעפּ — אָנגעגאַנגען אַ ביטערער אכזריות־דיקער קאַמף אויף לעבן און טויט.

פאַר דוביקן איז געווען קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז בכדי די פון אויבן זאָלן זיך נישט אַראָפּלאָזן נידעריקער, דאָרט אַהין ווו ס׳געפינט זיך זיין היים, דאַרף ער זיך רייסן אַלץ העכער אַרויף.

זיך געריסן אַלץ העכער און נישט געטראַכט דערביי וועגן זיין אייגן לעבן און אויך נישט וועגן דעם, אַז אים קאָן אויסקומען אומצוברענגען אַ מענטש, צו טייטן עמעצן פּנים אל פּנים... איז עס אַזוי געשען, אַז דוביק, אויסגעשמירט דאָס פּנים מיט שווייס און קויט, האָט מיט אַן איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג גע־

שפּאַנט מיט אַן אינדערהייך אויפגעהויבענעם אָרעם, וואָס האָט געפּליעצט מיט בלוט, און נאָך איידער ער איז באַמערקט געוואָרן דורך וועמען פון זיינע קאַמפּס־חברים, איז ער אַראָפּגעזונקען צו דער ערד און פאַרלוירן דעם באַוווּסטזיין.

אויפגעקומען און צוריק געעפנט די אויגן, האָט דוביק זיך געזען ליגן אין אַ וועלט פון בלאַנקענדיקער ווייסקייט. פון אַלץ דאָ, אינעם גרויסן ליכטיקן צימער האָט געוויייעט מיט אַ באַרויִקנ־דיקער ווייסקייט. בלויז דאָ און דאָרט האָט זיך ביי עמיצן פון די ליגנדיקע אין די בעטן, דורכגעשלאָגן אַן אַמאַראַנטע רויטקייט פון די ווייסע באַנדאַזשן אַרויס.

פּאַמעלעך האָט דוביק גענומען קומען צו זיך, באַנעמען ווו ער געפינט זיך... און געכאַפּט אַ בליק אויף זיין לינקן דיק־באַנדאַזשירטן אָרעם, וואָס האָט מיט אַ שווערקייט גערוט נעבן אים.

אין אָנהייב האָט ער געשטוינט.

ערשט נאָך דעם, ווי ס׳האָט זיך איבער אים איבערגעבויגן אַ יונגע קראַנקן־שוועסטער און מיט אַ מוטערלעכער צאַרטער שטים און גלעטנדיקן שמייכל געפרעגט: „נו, ווי פילסטו זיך, גבור ?...״ — האָט אין זיין געדאַנק גענומען אויפטויכן און קלאָר ווערן דאָס בילד פון יענעם שרעקלעכן וואָס איז מיט אים געשען נישט לאַנג צוריק. ער האָט בלויז נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי איז ער עס דאָך געבליבן לעבן.

ביסלעכווייז האָט זיך פאַר אים אויסגעקלאָרט דאָס שרעק־לעכע וואָס איז מיט אים פאָרגעקומען אין אַ צייט־אָפּשניט פון מינוטן און אפשר נאָר סעקונדן: ווען ער האָט זיך געפונען בלויז געציילטע מעטער פון זיינע קאַמפּס־חברים און געמאַכט עטלעכע שריט הינטער אַ פעלזיקער העכערונג, ס׳האָט זיך פאַר אים, ווי פון דער ערד אַרויס, פּנים אל פּנים, באַוויזן אַ וווקסיקער באַ־וואָפנטער אַראַבישער מיליטער־מאַן.

ווי ער, איז אויך יענער, געבליבן שטיין מיט ברייט־אויפגע־

ריסענע גרויסע אויגן. ווי ער, האָט אויך יענער אינסטינקטיוו אַ פיר־געטאָן מיט דער האַנט צום קאַלטן געווער און — ביידע, מיט אַ שווער אָטעמען, איינגעגעסן איינער אינעם צווייטן מיט אַ מעסער־שאַרפן בליק, זענען געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט...

אין אָט דעם נישט אויפכאַפּבאַרן ברוכטייל פון צייט, האָט געגרענעצט אַן אייביקייט. דוביק האָט מער דערפילט ווי דערהערט טריט וואָס קומען הינטער יענעם, האָט ער געטאָן אַ האַסטיקן שפּרונג פאָרויס, פאַרטיפט זיין קאַלט געווער אין דעם וואָס אַנט־קעגן אים, און נישט באַוויזן אַפילו אַ בליק־צו־טאָן אויף דעם פאַלנדיקן צו דער ערד, האָט ער אַ וויטערדיקן לויף־געטאָן פאַר זיך מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ער האָט מיטן גאַנצן כּוח זיך אָנגע־שטויסן אויף דעם, וועמען ס׳האָבן אָנגעהערט די טריט אויפן שמאָלן שטיינערנעם שטעג, און האָט נאָר וואָס, זיך באַוויזן פון הינטער אַ ווינקל אַפּער. דאָס אָנשטויסן זיך מיטן אָנקומענדיקן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ביידע זענען אַ פאַל־געטאָן אויפן שטיינערנעם משופּעדיקן באָדן און זיך אַראָפּגעקייקלט צופוסנס דעם שיפּן שטעג.

דוביק געדענקט נישט ווי לאַנג דער איבערמענטשלעכער געראַנגל פון ביידן האָט געדויערט. מעגלעך שהען, מעגלעך מינוטן, צי גאָר סעקונדן. ער געדענקט בלויז, אַז ער האָט נישט געהערט מער דאָס שיפּען דורך קריצנדיקע ציין „יאַהוד, יאַהוד״. און דערפילט מיטאַמאָל אַ ליידיקייט אַרום זיך און צוגלייך עפּעס אַ מאָדנע שוואַכקייט...

איצט, אַרומגענומען מיט דער בלענדיקער ווייסקייט און מיט דער וואַרעמקייט פון דער אין ווייס־געהילטער קראַנקן־שוועסטער, וואָס שמייכלט צו אים צאַרט און פרעגט אים: „ווי פילסטו זיך, גבור?״ — האָט אין דוביקס געדאַנק, ביסלעכווייז, נישט בלויז ווידער אויפגעטויכט דאָס אַלץ, וואָס איז מיט אים געשען, נאָר ער האָט אויך גענומען מיט אַן אומהיימלעכן געפיל נאָכטראַכטן וועגן זיין וויטערדיקער שווערוואָגיקער האַנט, ווי

און אַז ס׳איז גאַנץ מעגלעך אַז דורך איר, דער קראַנקן־שוועסטער, וועט דאָס אַלץ אָנקומען צו זיינע עלטערן און שוועסטערן, בעת זיי וועלן אים דאָ באַזוכן און — ער, וועט נישט וואַגן צו קוקן זיי גלייך אין די אויגן.

# זיין דוד׳ל

כ׳האָב אים אַ סך יאָרן געקאָנט ווי אַ מענטש אַ נישט באַרע־דעוודיקן און אַזאַ וואָס האָט וועגן זיך אַ העכערע מיינונג ווי וועגן אַנדערע. דערפאַר, קאָן זיין — זיך געהיטן נישט צו זאָגן אַמאָל יענעם פריער דעם „שלום״ ווי יענער אים... — האָט מיך שטאַרק פאַרוווּנדערט, פשוט איבעראַשט, ווען דערזעענדיק מיך פון ווייטנס, האָט ער מיך פריינטלעך באַגריסט מיט אַ הויב מיט דער האַנט אין דער לופט און, נאָך איידער איך האָב באַוויזן צו קומען צו זיך פון דער געשעעניש... — איז ער שוין געשטאַנען נעבן מיר, געדריקט מיין האַנט און אַ פרעג־געטאָן:

— איר וואַרט דאָך מסתמא אויפן צוג קיין תל־אביב? — וועלן מיר זיצן צוזאַמען.

אַז דער צוג איז אָנגעקומען, האָט ער מיך געלאָזט אַריינגיין פאַר זיך און נאָכגעקומען מיר אין וואַגאָן. געבעטן צו דערלויבן אים זיצן ביים פענצטער.

כ׳בין ווילּיק נאָכגעקומען זיין פאַרלאַנג און אַוועקגעזעצט זיך נעבן אים, אַרויסגענומען פון מיין האַנט־טאַש אַ צייטונג און אים פאָרגעשלאָגן אַ טייל פון איר.

— לאָזט אָפּ מיט דער צייטונג... — האָט ער מיר היימיש זי צוריקגעוויזן מיט דער האַנט.

געטראַכט: אפשר איז איצט זיין געמיט נישט צו קיין צייטונג, אָדער אפשר וויל ער מיט מיר כאַפּן אַ שמועס — האָב איך זי צוריק אַריינגעלייגט אין מיין האַנט־טאַש און... געוואַרט...

ער האָט געשוויגן און געקוקט פאַר זיך מיט אַ פאַרטראַכטן בליק.

אויך איך' האָב געשוויגן און זיך פאַרטראַכט. וואָס פאַראַ סיבה אָדער פּאַסירונג, האָט עס געקאָנט גורם זיין אַזאַ אומוואַנדלונג אין דער האַלטונג, פונעם דאָזיקן נאָך גענוג יונגן מענטש?

אַז דער צוג האָט גערירט פון אָרט, האָט מיין בייזיצער זיך אויפגעשטעלט און גענומען מיט נייגער אַרויסקוקן דורכן אָפענעם פענצטער.

אין אַ געוויסן מאָמענט, ווען דער צוג איז שוין געפאָרן פאַזע דעם כביש וואָס פירט קיין תל־אביב, האָט ער צו מיר אויסגעדרייט דעם קאָפּ און — ווי איך וואָלט געוווסט וועגן וואָס ער האָט עס אַרויסגעקוקט — אויסגערופן: „אָט איצט פאָרט ער היגטער אונדז! ער וועט אונדז באַלד איבעריאָגן, דער מיליטער־טענדער!"

זיך צוריק אַוועקגעזעצט און אויפגעכאַפּט מיין פרעגנדיקן בליק — האָט ער גענומען רעדן און דערציילן:

— אָט דער מיליטער־טענדער קומט דריי מאָל אין דער וואָך מיך נעמען קיין תל־אביב. אַזוי ווי ער האָט היינט פאַרשפּעטיקט און מיך שוין נישט געטראָפן אין דער היים, פאָרט ער איצט צוריק און איך פאָר מיט אָט דער באַן. דער דאָזיקער טענדער פירט מיך דריי מאָל אין דער וואָך צו מיין זון דעם אָפיציר, וואָס ליגט שוין זינט דער זעקס־טאָגיקער מלחמה.

דערפילט, אַז איך האָב זיך עטוואָס נענטער צוגערוקט צו אים און געזען מיין פאַראינטערעסירטן בליק... — האָט ער אַרויס־גענומען פונעם פאָרטפעל אַ פאָטאָגראַפיע און, מיט אַ באַמערקבאַרן שטאָלץ, אָנווייזנדיק אויף אַ ברונעטן סימפּאַטישן בחורטשיק פון אַ יאָר ניינצן־צוואַנציק, אַ זאָג־געטאָן.

— דאָס איז ער, מיין זון דער אָפיציר! מיין דוד'ל! האַ, אַ יאָ, אַ שיינער בחור?

— און ליגט נאָך אַלץ אין שפּיטאָל?! — האָב איך נישט געקאָנט באַהערשן מיין פאַרוווּנדערונג.

— יאָ, נאָך אַלץ. ער וועט דאָרט דאַרפן פאַרבלייבן נאָך אַ לענגערע צייט... ער געפינט זיך אין דער פיזיאָ־טעראַפּישער אָפּטיילונג פאַר שיקום.

ער איז אַ ווײַלע שטיל־געבליבן און געווענדעט זיין בליק צום דרויסן, ווי איינגעקוקט זיך אין דער ווייט, צו דער צויבער־שפּיל פון די זיך בייטנדיקע פּייזאַזשן, וואָס האָבן פון ווייטנס זיך לאַנגזאַם אָנגערוקט און, אַזוי לאַנגזאַם אַוועקגעגליטשט...

לויטן אויסדרוק פון זיין פּנים, האָט ער איצט וואַרשיינלעך — כאָטש זיין בליק איז געווען געווענדעט צו דער דאָזיקער שיינקייט — זי נישט געזען... ער האָט איצט מעגלעך געזען עפּעס אַזעלכעס, וואָס בלויז ער אַליין און נישט קיין צווייטער, האָט געקאָנט אין דעם מאָמענט האָבן פאַר זיינע אויגן...

מיטאַמאָל האָט ער צוריק אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר און אַ ווײַלע שווייגנדיק געפּויקט מיט די פינגער אויף זיין איבער־געלייגטער קני — גענומען ווייטער ציען:

— אויך איך האָב אין די „זעקס טעג" זיך געפונען „דאָרט", אויפן גולן... געווען נישט ווייט פון מיין דודלס טאַנקען־אָפּטיילונג, אַז מיר האָבן פּלוצעם באַקומען אַ באַפעל פאַר יעדן פּרייז זיך אַרויפדראַפּען אין דער הויך און זיך דורכשלאָגן דורכן שונאס גיהנום־פייער און אַרויסהעלפן אויבן אַ טאַנק־אָפּטיילונג וואָס האָט זיך געפונען אין אַ קריטישן מצב, איז פאַר מיר יעדע רגע פון דער צוגרייטונג צו דער דאָזיקער אַקציע — געווען אַן אייביקייט... דאָס האַרץ האָט אין מיר געקוואָלן, ווען אויספירנדיק די אַרויפ־געלייגטע אויפגאַבע, האָב איך דערזען פון ווייטנס מיין זון, מיין דוד'לען, ווי ער שטייט אויף זיין טאַנק און, מיט אַ גליקלעכן שמייכל, פאָכעט ער צו מיר מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט... נאָר... אין דעם מאָמענט... האָט פּאַסירט עפּעס שרעקלעכס... כ'האָב עס נאָך איצט פאַר מיינע אויגן... ס'האָט פּלוצעם פון ערגעץ אַ דונער־געטאָן און, ווען איך בין צוגעלאָפן צום אָרט פון וואַנען מיין

דוד׳ל האָט מיך נאָר וואָס באַגריסט, האָב איך פאַר זיך דערזען אַ צעפליישטע בלוטיקע מאַסע...

— געווען באַקאַנט אין דער אַרבעט פון געבן די ערשטע הילף פאַר פאַרוואונדעטע, בין איך עס געווען דער ערשטער וואָס כ׳האָב זיך מיט אים פאַרנומען...

ער איז אַ ווײַלע שטיל־געבליבן, פאַרויכערט אַ סיגאַרעט און זיך אײַנגעקוקט אין מײַנע ברייט־אויפגעריסענע אויגן, האָט ער מיט אַ סטאָאישער רויִקייט פאַרגעזעצט:

— ער האָט געלעבט... ס׳האָט אים אָפּגעריסן דעם רעכטן אָרעם, דעם לינקן פוס און, ער האָט באַקומען אַ צאָל זייער ערנסטע וווּנדן אין אַנדערע קערפּער־טיילן... יאָ... וואָכן און חדשים, האָט מען אים געהייט און געלאָטעט... און, ער ווערט ביסלעכווייז אַ מענטש.. — קיין מיליטער־מאַן, וועט ער שוין נישט זיין... אָבער... די מדינה, און אפשר אויך בכלל די מענטשהייט, וועט נאָך פון אים האָבן גרויס נוצן! און איך... נחת. ער וועט זיין אַ גרויסער מענטש! — האָבן אים די אויגן אויפגעלויכטן מיט אַ טיפן גלויבן... זיין מוח, זיין שטאַרק אַנטוויקלטער מוח, איז געבליבן נישט־באַשעדיקט! ער שטודירט איצט. שטודירט גאָר גרויסע זאַכן... ר׳איז געוואָרן נאָך שענער ווי אויף דער פאָטאָגראַפיע וואָס כ׳האָב אייך געוויזן... מיין דוד׳ל...

כ׳בין געזעסן אויגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג און באַוווּנדערונג אויף מיין בייז׳יצער... און, נישט בלויז, וואָס פון מיר איז פאַרשווּנדן די נעגאַטיווע מיינונג מיינע וועגן אָט דעם, זינט מערערע יאָרן, מיר באַקאַנטן מענטש, נאָר מיט זיין סטאָאִישער האַלטונג אין דער גרויסער טראַגעדיע און אין זיין פעסטן גלויבן אינעם מאָרגן — האָט ער מיך באַווירקט זיך ערנסט צו פאַרטראַכטן און אויסצו־געפינען אַ פאַרגלייכונג און אַ ריכטיקן אויסדרוק פאַר דער באַנעמונג זיינער און האַנדלונג, אין זיין גליקלעכער, קורצער געשיכטע...

# אַרויסגעראַטעוועט שלום עליכמען פון פאַרשיקונג

דורכגעמאַכט ווי אַ פרייער מענטש, אַ פענסיאָנער — מיין טאָג־טעגלעכן פרימאָרגן־שפאַציר איבער די גאַסן פון מיין שטאָט חיפה, האָב איך אויפן וועג אַהיים געקויפט אַ צייטונג און געכאַפּט אַ בליק אויף די אַלאַרמירנדיקע קעפּלעך. נישט געהאַט אָבער קיין געדולד צו וואַרטן ביז כ׳וועל אַהיימקומען און געפינענדיק זיך גראָד אין דער נאָענט פונעם באַשיידענעם שטאָטישן גאָרטן, האָב איך באַשלאָסן אַריינצוגיין אַהין און דורכלייענען די פאָדערזייט אונטער אַ שאָטנדיקן בוים, דערווייטערט פונעם שטאָטישן געפילדער.

צוגעקומען צו דער געווונטשענער באַנק בין איך גלייכצייטיק מיט אַן עלטערן מענטש, וואָס אין אונטערשיד צו מיר האָט ער געהאַלטן אין האַנט נישט קיין צייטונג, נאָר אַ ביכל. נישט אָפּגערעדט צווישן זיך — כדי איינער זאָל נישט שטערן דעם צווייטן — האָט דער אומבאַקאַנטער מענטש פאַרנומען דעם לינקן עק פון באַנק און איך — דעם רעכטן.

כ׳האָב בעתן לייענען, מער ווי יעדעס מאָל, ווייט נישט געהאַט קיין הנאה פון די געבערענגטע ידיעות אויף אירע שפּאַלטן און ס׳איז מיר געוואָרן פריקרע און קאַלמוטנע אויף דער נשמה.

מיטאַמאָל האָט צו מיינע אויערן זיך דערטראָגן אַן אויסברוך פון אַ געלעכטער מיט אַ הי־האַ־הי!!! און האַ־האַ!! און דערצו אַן אויסרוף „אין ליכטיקן גן־עדן זאָל ער זיין! ער קען אַפילו אַ גוסס ברענגען צום לאַכן!”

געמיינט, אַז ס'האָט זיך ווער צוגעזעצט צום אומבאַקאַנטן ייד מיטן ביכל, און אַז דאָס געלעכטער מיטן צוזאָג־אויסרוף איז די סיבה פון אַ שמועס צווישן צוויי מענטשן — האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געבליבן זיצן פאַרוווּנדערט: נעבן דעם אומבאַקאַנטן האָט קיין לעבעדיקער מענטש זיך נישט געפונען. איז מיר איינ־געפאַלן, אַז דער ייד איז עפּעס נישט מיט אַלעמען... דערפילט אויף זיך זיינע צעשמייכלטע און ווי בעטנדיקע אויגן, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז ער זוכט פאַר וועמען אויסצולאָדן זיינע געדאַנקען — בין איך געגאַנגען אַנטקעגנגעקומען זיין פאַרלאַנג און אים געפרעגט:

— גוט, וואָס אויסער די לעצטע צייטונגס־ידיעות וועגן טאַנקן, פאַנטאָמען און ראַקעטעס — זענען נאָך פאַראַן אין ישראל ביכלעך, וואָס קאָנען ברענגען מענטשן צום לאַכן, איז וואָלט איך אייך געוואָלט פרעגן — וואָס איז עס טאַקע פאַר אַ ביכל, וואָס איר האַלט אין האַנט און ווער איז עס דער מחבר, וואָס האָט אייך געבראַנגט צו אַזאַ אויפרייס פון געלעכטער?

— ווער דאָס איז פרעגט איר? ווער קאָן דאָס ברענגען צו לאַכן ביז טרערן אויב נישט אונדזער שלום עליכם, וועלכער ייד האָט דאָס נישט געלייענט שלום עליכמען?

דאָ האָט דער ייד איבערגעריסן זיינע אייליק אַרויסגערעדטע ווערטער און, ווי ער וואָלט מיר געגאַנגען אַנטרויען אַ סוד, זיך נענטער צוגערוקט צו מיר, און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן טאָן — מיר מודיע געווען: „איר הערט, כ'האָב אים טאַקע היינט, שלום עליכמען, אָפּגעראַטעוועט פון פאַרשיקונג!

כ'בין שוין ווידער געווען גרייט צו גלויבן, אַז מיין בייזיצער איז נישט מיט אַלעמען... ער האָט מיר אָבער קיין צייט נישט געגעבן נאָכצוטראַכטן און גענומען מיר דערציילן:

— ווי איר קוקט מיך אָן, איז מיין בעסטער צייט־פאַרטרייב, אין אַלע מיינע יאָרן — געווען אַ יידיש ביכל. אין מיין שטענדיק באַשיידענעם בודזשעט, איז שטענדיק די הוצאה פאַר איינהאַנדלען אַ גוט יידיש ביכל — ־געשטאַנען אויף אַ בכבודיק אָרט. אַזוי

איז אויך געווען נאָך מיין קומען אין לאַנד, ווי נאָר כ׳האָב עפּעס אָנגעהויבן צו פאַרדינען. אַ ביכער־שאַנק בין איך נישט אין שטאַנד געווען צו קויפן, האָב איך זיי די ביכער פּיין איינגעשטעלט אין פיר צווייפּאַכיקע מאַראַנצן־קעסטלעך, און אַז מ׳האָט די קעסט־לעך צוזאַמענגערוקט און אַרומגעדעקט מיט עפּעס אַ געבלימטן שטיק לייוונט און אַרויפגעשטעלט אויבן עטלעכע איינגערעמטע פאָטאָגראַפיעס, דערצו אַ ביסל פשוטן גלאָזוואַרג — איז עס געוואָרן אַ „קרעדענסל״. די הויפּט־זאַך פאַר מיר איז געווען, וואָס כ׳האָב צו יעדן מאָמענט געקאָנט צוקומען צו זיי און גלייך אָפּגעפּו־נען דאָס פאַרלאַנגטע ביכל. צו אַן אמתער ביכער־שאַנק בין איך ערשט געקומען ווען מיינע דריי קינדער זענען שוין געגאַנגען אין שולע. זיי האָבן דאַן מיט זייערע העפטן לערן און לייען־ביכלעך נישט פאַרנומען אַפילו די ערשטע פּאָליצע. נאָך מער ווי פריער, האָבן איצט די איינגעשטעלטע ביכער, מיט יידישע אויפשריפטן אויף זייערע רוקנס, מיך געלאָקט אַרויסצונעמען דאָס אָדער יענץ בוך צום לייענען. כאָטש כ׳האָב שוין אַ צאָל פון זיי געהאַט עטלעכע מאָל דורכגעלייענט — צום מערסטן שלום עליכמען, וואָס איז מיר דאַן גאָרנישט לייכט אָנגעקומען איינצו־שאַפן זיך.

אַז מיינע קינדער האָבן גענומען אונטערוואַקסן, האָבן זיך וואָס ווייטער, גענומען זיך מערן זייערע לערן און לייען־ביכער, גרויסע און שווערוואָגיקע ענציקלאָפּעדיעס, ענגעלישע „פּאָקיט־בוקס״ מיט גרויליקע בילדער אויפן שער־בלאַט און כל מיני זשורנאַלן, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן מיט גרויס איבערגע־געבנקייט, אַ נומער נאָך אַ נומער. היות מיין ביכער־שאַנק איז נישט פון גומי און קיין איבעריק אָרט אין מיין באַשיידענער דירה איז נישטאָ, האָבן מיינע יידישע ביכער גענומען סיסטעמאַטיש פאַרשווינדן פון די פּאָליצעס און — ווי כ׳האָב זיך אין איינעם אַ טאָג דערוווּסט — פאַרשיקט־געוואָרן אַרויף, אויף דער „אַנטרע־פּאָלע״ וואָס איבערן וואַנע־צימער, ווו ס׳געפינט זיך דער בוילער.

אַז כ׳האָב פּרובירט צו פּראָטעסטירן קעגן דער הפקרות, האָט מיך מיין פרוי — וואָס לייענט מערסטנס יידיש — מיר דערקלערט: אַזוי איז עס אויף דער וועלט, דו מוזט פאַרבייגן, — דורות קומען און דורות גייען!

אַז איך בין נאָך אַ געוויסער צייט שפּעטער, נאָך מיין פרויס דערקלערונג — אַהיימגעקומען פון גאַס און אָנגעטראָפן ליגן מיין שוין לעצט יידיש ביכל אויפן טיש, צוגעגרייט פאַרשיקט צו ווערן אַרויף, אויף דער „אַנטראָפּאָלע" (געוועזן זענען דאָס די שווער איינגעהאַנדלטע ווערק פון שלום עליכם) — האָט ענדלעך גע־פּלאַצט מיין געדולד און כ׳האָב געטאָן אַ קלאַפּ מיטן פויסט אין טיש און אַן אויפגערעגטער ביז גאָר אויסגעשריגן: „איבער מיינע ביכער בין איך באַלעבאָס, שלום עליכם וועט ביי מיר ליגן אָט דאָ אויפן טיש, אויפן ראַדיאָ, אויף דער טעלעוויזיע, אומעטום! כ׳נעם תיכף אַראָפּ אַלע מיינע ביכער פון דער „אַנטראָפּאָלע"!

כ׳האָב שוין אָבער נישט געהאַט, ליידער, וואָס אַראָפּצונעמען, די ביכער האָבן שוין עטלעכע טעג געוויילט זיך אין אַ טייך וואַסער וואָס האָט זיך געשאָפן פונעם רינענדיקן בוילער, וואָס קיינער האָט אין שטוב נישט געוווּסט. בלויז שלום עליכם׳ען האָט זיך מיר איינגעגעבן אָפּצוראַטעווען פון פאַרשיקט־צו־ווערן אויף דער אַנטראָפּאָלע.

# „טשיפּענדאַלע"

עפּעס האָט איר היינט אַ זייער פאַרזויערט פּנים. וואָס איז געשען שכן ?

געפּרעגט האָט עס מיך מיין פריינטס אַ באַקאַנטער, אַ מעבל־סטאָלער, וואָס האָט אַ שוואַכקייט צו שרייבער און איז באַקאַנט פאַר אַ גרויסן פּלאַפּלער.

— איר זענט, זאָג איך צו אים, געקומען צו מיר אין נישט קיין גוטע צייט פאַר מיר. — געהאַט צו טאָן היינט מיט מיין מנהל — אַז כ׳בין נאָך צו זיך נישט געקומען...

— אַז איך — זאָגט ער — בין ספּעציעל געקומען צו אייך — איז עס אַ געשיכטע וואָס וועט אייך אַזוי פאַראינטערעסירן, אַז איר וועט פאַרגעסן אי׳ן אַלע מנהלים...

כ׳האָב נישט באַוויזן אים נאָך עפּעס צו זאָגן, האָט ער זיך ווי אַן אייגענער, ברייט באַזעצט ביים טיש און, אָנכאַפּנדיק מיך ביי אַ לאַץ פון דער פּיזשאַמע — גענומען דערציילן:

— איר ווייסט דאָך, אַז נישט נאָר איך מאַך מעבל פאַרן פאַרקויף, נאָר קויף אויך פאַרשידענע גענוצטע מעבל. געווען איז עס קורץ איידער די ענגלענדער האָבן פאַרלאָזט „פּאַלעסטיין" — איז צו מיר אַריינגעקומען אַ „מעידזשער" און מיר פאַרגעשלאָגן צו קויפן אַ קרעדענסל אַן „אַנטיקל". בין איך אין זעלבן טאָג אַוועק צו אים אין שטוב, ווו ער האָט מיר געוויזן אַ קרעדענסל פון מאַכאָן־האָלץ — אַ קונסט־ווערק! געשניצטע און גראַווירטע טורעמלעך, זיילן, גאַלעריקעס, קאַרניזן און, זעקס טירעלעך — באַצירט מיט בלעטער, פרוכטן, מלאכים און טייוולאָנים... איך

האָב דערקענט, אַז דער „ערל" האָט שוין „רייזע־פיבער"... און — איך האָב די צאַצקע געקויפט פאַר שיטער געלט... — אַריינגעלייגט די עטלעכע פונט אין טאַש — האָט מיר דער מעידזשער איינגע־רוימט אַ סוד אין אויער, אַז דאָס „שטיקל", איז די אַרבעט פון טשיפּענדאַלע, אַלט פאַכמאַן אין דער בראַנזשע, האָט מיר נישט געפּאַסט פרעגן, ווער איז דאָס „טשיפּענדאַלע", ווו געפינט ער זיך, צי לעבט ער, צי איז ער שוין אויפן עולם־האמת... הכלל, איך האָב דאָס „אַנטיקל" אַראָפּגעשטעלט אין קעלער און געוואַרט אויף אַ קונה אַ פיינשמעקער, אַן אַמאַטאָר. דערווייל, האָבן זיך אונטערגערוקט די מאורעות און די באַפרייונגס־מלחמה, שפּעטער — די סיני־אַקציע, און — קיין לעבעדיקער הונט האָט זיך נישט נאָכגעפרעגט אויף מיין „טשיפּענדאַלע"... טרעפט זיך אַ געשיכטע, אַז מיט אַ צוויי וואָכן צוריק קומען צו מיר אַריין אין געשעפט דריי דאַמען און, קוקן, זוכן צווישן מיינע מעבל־שטיק. געזען אַז זיי הייבן אָן אַרויסגייען מיט גאָרנישט, פרעג איך זיי: וואָס זוכן די דאַמען? — ענטפערט מיר איינע מיט אַ מאָנאָקל אין האַנט: „איך וואָלט געוועלן אַן אַמאַטאָר אויף עפּעס אַן „אַנטיקל", אַ קונסט־ווערק, עס מוז נישט דורכאויס זיין פון „טשיפּענדאַלע"... — האָבן אירע ליפּן זיך פאַרקרימט אין אַ שמייכל.

דערהערט דאָס וואָרט „טשיפּענדאַלע", איז מיר ליכטיק געוואָרן אין מוח... מאַדאַם — זאָג איך צו איר — איך האָב אַן אמתע „טשיפּענדאַלע"!

— אַן אמתע „טשיפּענדאַלע"?! — האָט די לאַנגע, שמאָלע דאַמע אַ כאַפּ־געטאָן איר מאָנאָקל צום רעכטן אויג...

— יאָ, אַן אמתע „טשיפּענדאַלע" מאַדאַם — האָב איך גענומען רייבן ביידע הענט... — קומט אַרונטער אין סקלאַד וועט איר אייך איבערצייגן.

מיט גרויס מי האָב איך געמאַכט אַ שמאָלן צוגאַנג צום ווינקל ווו דאָס קרעדענסל איז געשטאַנען באַלייגט מיט נאָך מעבלשטיק און מיט שטויב פון יאָרן — אויף נישט צום דערקענען...

אַז די דריי דאַמען האָבן עס דערזען, האָבן זיי אָנגעהויבן שטיל שושקען זיך: יאָ „טשיפּענדאַלע" נישט „טשיפּענדאַלע", יאָ „טשיפּענדאַלע".

דערזען, אַז דער „עסק" קאָן זיך מיר דאָ אויסגליטשן פון דער האַנט, האָב איך אַ זאָג־געטאָן דער דאַמע מיטן מאַנאַקל:
— איך גאַראַנטיר אייך אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט, אַז דאָס איז אַ ריכטיקע „טשיפּענדאַלע"! און אויב איר האַלט באמת ביים קויפן אַ „טשיפּענדאַלע", לאָזט מיר איבער אַן אַדערויף, און אַז איר וועט קומען אין אַ וואָך אַרום, וועט איר טרעפן די „טשיפּענדאַלע" ווי ניי... און טאָמער וועט איר קומען און אויפווייזן אַז עס איז נישט קיין „טשיפּענדאַלע", באַקומט איר צוריק אייער אַדערויף, ביז איין גראָשן! — נו גוט — האָט זי געזאָגט — איך לאָז אייך איבער פּופציק פונט, אָבער איר האָט מיר נאָך דעם פּרייז נישט געזאָגט... — איר הערט, כ'האָב איר „אָנגעמאָסטן" גאַנצע פינף הונדערטערס און זי, ביי מיר — אָפּגעדונגען פינפאונצוואַנציק לירות... און מיט מיר אויסגענומען — אויב ס'וועט נישט זיין קיין „טשיפּענדאַלע", איז זי מיט גאָרנישט געבונדן... — אַז אַ ייד — זאָג איך איר — זאָגט, אַז עס איז אַ „טשיפּענדאַלע", זאָלט איר גלויבן אַז עס איז...

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, אַ גאַנצע וואָך האָבן זיך מיינעביידע אַרבעטער אַרומגעפּאָרעט ביים קרעדענסל: צוריק צוגעקלעפּט און צוגעאַרבעט די אַראָפּגעפאַלענע און פאַרלוירן־געגאַנגענע שטיק־לעך... אַרומגעפּוצט און אַרומגעלעקט און געמאַכט דערפון, ממש אַ נייע „טשיפּענדאַלע"... אַז די דאַמע מיטן מאַנאַקל איז געקומען די צווייטע וואָך מיט די זעלבע צוויי באַגלייטערס און אַרומגע־שמעקט דאָס אויפגעפרישטע קרעדענסל פון אַלע זייטן, האָט זי נאָכן איינקוקן זיך אין אַלע ווינקעלעך, מיך פּלוצעם אַ פרעג־געטאָן מיט אַ חוזק־שמייכעלע און מיט אַ געררויטלט פּנים פון כעס... „איר זאָגט אדון, אַז עס איז אַ „טשיפּענדאַלע"? אפשר קאָנט איר מיר

זאָגן, ווי אַלט קאָן דאָס זיין אייער קרעדענסל — איר זענט דאָך אַ פאַכמאַן !...

— איך מיין, אַז צווישן פינפאונצוואַנציק און פינפאונדרייסיק — מער באַשטימט נישט...!

אָפּגעמאָסטן מיך דורכן מאָנאָקל, האָט זי מיך ווידער כיטרע אַ פרעג־געטאָן :

— צי איז אייך טאָקע נישט באַקאַנט, אדון, אַז דער גרויסער ענגעלישער מעבל־קינסטלער טשיפּענדאַל, האָט געלעבט אין 17־טן יאָרהונדערט ?... וואָס הייסט, — האָב איך אַ פאַרווירטער געפרעגט ביי איר — עס מוז דען זיין אויף דער וועלט איין „טשיפּענדאַלע", טשיפּענדאַלעס זענען...

נאָר דאָ... האָב איך דערפילט, איר הערט — אַז איך קאָן זיך שוין מער נישט באַהערשן... כ'בין אויפגעשפרונגען פון אָרט, און אָנגעכאַפּט מיין שכן דעם מעבל־סטאָלאַר פאַרן האַלדז, האָב איך אַ געשריי־געטאָן :

— אַז כ'וועל הערן פון אייך נאָך איין מאָל דאָס וואָרט „טשי־פּענדאַלע" -- האַק איך אייך אַרונטער פונעם פינפטן שטאָק !!

ווי מיינט איר ? האָב איך עס נישט געדאַרפט טאָן ?... אַיאָ, איך האָב געדאַרפט ? האָב איך עס אָבער נישט געקאָנט ! נישט געקאָנט עס טאָן — ווייל איך ווין דאָך אין פאַרטער !... אין פאַרטער !...

# אַ באַקאַנטשאַפט

ווי יעדן טאָג אין דער זעלבער שעה, איז בן־צבי געגאַנגען אין דער ריכטונג צום מטבח־הפּועלים. זינט אַ געוויסער צייט, האָט אים אויך דער היינטיקער טאָג מיט דעם אַזוי באַקאַנטן וועג דערמאָנט, אַז ער איז שוין באַלד אַריבער די דרייסיקער און, ס'ווייזט זיך נאָך אַלץ נישט דער מינדסטער אָנדייט צו האָבן אַן אייגענעם טיש, געגרייט דורך אַן אייגענעם נאָענטן מענטש.

בן־צביס טריט זענען דאָסמאָל עטוואָס איילִיקע. ער דאַרף היינט פריער ענדיקן מיטן מיטאָג, בכדי זיך צוגרייטן צו זיין חברס חתונה און, נישט פאַרגעסן צו קויפן בלומען. אַלע זיינע חברים האָבן שוין חתונה געהאַט — קומט אים אויפן געדאַנק — פאַר וועמען אַלץ האָט ער שוין נישט געקויפט קיין בלומען, און ער, ער עסט נאָך אַלץ אין דער אַרבעטער־קיך.

דער דאָזיקער געדאַנק, האָט אים אַרויפגעפירט אויף אַ צווייטן געדאַנק:

ווי אַזוי האָט דאָס די יונגע פרוי, וואָס האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק צום ערשטן מאָל זיך באַוויזן אין מטבח־הפּועלים און מיט וועמען ער האָט נאָך ביז איצט קיין איינציק וואָרט נישט אויס־געביטן — שוין אויף אַזוי ווייט פאַרנומען אַן אָרט אין זיין האַרץ, אַז זינט ער האָט זי דערזען, עקזיסטירן נישט פאַר אים מער קיין אַנדערע פרויען.

נישט בלויז האָט בן־צבי נאָך נישט אויסגעביטן קיין איינציק וואָרט מיט דער דאָזיקער פרוי, נאָר ער האָט אַפילו נאָך איר שטים נישט געהערט און איר נאָמען נישט געוווּסט.

ער האָט זי אין זיין געדאַנק געקרוינט מיטן נאָמען „שוואַרץ־ווייס" און מיט דעם נאָמען — וועגן איר געטראַכט, געטרוימט — ווייל איר גאַנצע אויסערלעכקייט איז געווען אַ שפּיל פון שוואַרץ און ווייס.

וויפל מאָל שוין, אַריינקומענדיק אין דער גאַס פון מטבח־הפּועלים, פלעגט אים קומען אויפן געדאַנק: „אפשר היינט, אפשר דאָס מאָל, וועט זיך אים דאָך איינגעבן צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיט דער יונגער פרוי, אָדער לכל הפּחות, זיצן מיט איר ביי איין טיש און הערן דעם קלאַנג פון איר שטים". בחנם. יעדעס מאָל זענען שוין אַלע ערטער אַרום דעם טיש ביי וועלכן זי האָט תמיד געגעסן, געווען פאַרנומען.

אויך בן־צבי, האָט אַלע טעג פון יאָר געגעסן ביי איין און דעם זעלבן טיש, ביים צווייטן עק פון גרויסן זאַל, פון וואַנען ער האָט זי געקאָנט אָנקוקן.

אין אַ געוויסן טאָג, האָט זיך אים דערמאָנט, אַז די זעלבע פרוי פלעגט ער אַמאָל אָנטרעפן זיצן אין די פאַרנאַכטן אין שטאָטישן גאָרטן. געזעסן איז זי שטענדיק אין דער געזעלשאַפט פון אַ וווקסיקן יונגנמאַן מיט שמאָלע טיפע אויגן און, מיט אַ קליין יינגעלע פון אַ יאָר דריי־פיר.

ס'איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז איר קליידן זיך אין שוואַרץ־ווייס, האָט גאָר אַ נאָענטן שייכות מיט דער סיבה פון אויפהערן צו זען זי אין די פאַרנאַכטן מיטן סימפּאַטישן יונגן מענטש אויף זייער אויסדערוויילטער באַנק. אָבער פאַרוואָס קומט זי צו מיטאָג אַליין, אָן דעם יינגעלע?

אַריינגעקומען היינט אין מטבח־הפּועלים, האָט בן־צבי געוואָרפן אַ בליק אין דער זייט צום טיש, פון וואַנען ס'האָט באַדאַרפט פאַר אים אַ שפּיל־טאָן דער פאַרבן־קאָנטראַסט פון שוואַרץ און ווייס. אָבער דאָס האָט נישט פּאַסירט. איר שטול איז געווען פאַרנומען דורך אַן אַלטן מאָגערן מאַן.

אַן אַנטוישטער איז בן־צבי אַוועק צו זיין טיש אינעם צווייטן

עק פון זאַל. ער האָט געגעסן שנעל, פּאַרענדיקט דאָס לייענען אַ צייטונגס־אַרטיקל און זיך געגרייט אַוועקצוגיין, ווי — מיטאַמאָל האָט צו זיינע אויערן דערגרייכט אַן אָנגענעם קלינגעוודיקע פרויען־שטים:

— זייט מוחל, אדון, מעג מען זיך צוזעצן צו אייער טישל?

בן־צבי האָט אויפגעהויבן די אויגן פון דער צייטונג, און געבליבן אָן לשון.

פון גרויס פאַרלוירנקייט האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט דאָס איינציקע וואָרט „ביטע״ און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך. ער האָט געפּרוווט לייענען די צייטונג. אויסטרינקען דאָס לעצטע ביסל טיי, אָבער וואָס ווייטער?

— זייט מיר מוחל, צי קען מען וויסן ווי שפּעט ס׳איז אויף אייער זייגער? — ס׳שיינט מיר, אַז מיינער יאָגט זיך אונטער — האָט ער סתם פאַר זיך, צוגעגעבן — און דרייענדיק אַהין און אַהער דעם אָנציער, — אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום ציפער־בלעטל...

די יונגע פרוי, וואָס האָט נישט גלייך אויפגעכאַפּט בן־צבים פראַגע, האָט אויף אים אָנגעהאָנגען אַ פאַרוווּנדערטן בליק. אָבער באַמערקט זיין איינקוקן זיך אין ציפער־בלעטל און מאַניפּולירן מיטן אָנציער, האָט זי מיט איר אָנגענעם קלינגענדיקער שטים געענטפערט:

— ביי מיר איז צען מינוט נאָך פינף, אָבער כ׳מיין, אַז אויך מיינער גייט נישט ריכטיק.

דערביי האָט זי מיט אַ באַדייטונגפולן שמייכל אָנגעוויזן אים מיט אַ פינגער:

— אָט האָט איר דאָך דאָ, אַנטקעגן אייך, הענגען אַ וואַנט־זייגער!

— כ׳בין עפּעס היינט באַהערשט פון אַ געפיל, אַז אַלע זייגערס האָבן מיטאַמאָל גענומען אונטעריאָגן...

אויפן צווייטן טאָג, האָבן שוין ביידע געגעסן ביי איין טישל. זי, האָט שוין געוווּסט, אַז ער איז אַ מעכאַניקער, און אַז זיין

נאָמען איז בן־צבי, און ער האָט שוין געוווּסט, אַז זי איז טאַקע אַן אלמנה, איר נאָמען איז הדסה, אַז זי האָט אַ ייִנגעלע פון פיר יאָר, וואָס געפינט זיך אַ האַלבן טאָג אין אַ קינדערהיים און זי אַרבעט אין אַ שיינהייט־סאַלאָן.

צוויי וואָכן נאָך דער געשלאָסענער באַקאַנטשאַפט, האָט בן־צבי פאַרלאָזט יעדן טאָג דעם מטבח־הפּועלים שוין צוזאַמען מיט הדסהן און, מיטגעגאַנגען מיט איר צו דער קינדערהיים אָפּנעמען דאָס ייִנגעלע, עטלעכע מאָל געווען מיט הדסהן אין אַ קאַפע, אין קינאָ, געגאַנגען מיט איר אויף אויסשטעלונגען, אָבער נאָך קיינמאָל נישט אין איר וווינונג.

אויף זיין פראַגע ווען זי טראַכט צו פאַרבעטן אים צו זיך — האָט זי אים צוגעלייגט אַ פינגער צו דער נאָז און געענטפערט ווי אַ מאַמע צו איר קינד:

— האָב נאָך אַביסל געדולד ייִנגעלע, אויף אַלעמען קומט אַ צייט, מען דאַרף נישט אויפרייסן די אויגן ביי די שכנים... — ס׳איז נאָך קיין יאָר נישט ווי מיין מאַן איז געשטאָרבן.

געשען איז דאָס אומגעריכטע בלויז מיט צוויי טעג שפּעטער.

מיט אַ געפיל ווי ער וואָלט אַריבערגעטרעטן אין אַ ביז איצט פאַר אים פאַרבאָרגענער וועלט, וואָס וועט אָט באַלד אינגאַנצן אים געהערן, האָט בן־צבי אַריבערגעשפּאַנט די שוועל פון איר באַשיידענער ,מיט געשמאַק איינגעאָרדנטער דירה.

פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, האָט ער זיך דיסקרעט אַרומגעקוקט און אַלץ איז אים דאָ געוואָרן נאָענט.

„מאַך זיך באַקוועם און פיל זיך ווי ביי זיך אינדערהיים" — האָט הדסה אים אַריינגעקוקט שמייכלענדיק אין די אויגן.

פּלוצעם, בעת ער האָט זיך געשפּילט מיטן קינד און געוואַרט הדסה זאָל צוריקקומען פון דער קיך, האָט ער אויף אַ פאָטאָגראַפיע אויף דער וואַנט באַמערקט אַ באַקאַנט פּנים. פון דער וואַנט האָבן אַראָפּגעקוקט צו אים אַ פּאָר טיפע שמאָלע אויגן, וואָס האָבן אויסגעדריקט ביטערן פאָרוואורף. ער האָט זיך דערפילט ווי אַ

געכאַפּטער ביי דער האַנט — ביים וועלן באַגיין אַ שווער פאַרברעכן. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט ווי דער מענטש אויף דער פאָטאָ־גראַפיע וואָלט אַרויס פון דער ראַם און דערנענטערט זיך צו אים מיט אַ פאַרוואָלקנט פנים...



— ווו אַהין קלייבסטו זיך ?! — האָט הדסה אַ דערשטוינטע אָפּגעשטעלט בן־צביען אין פאָדערצימער.

— עט, גאָרנישט, — איז געקומען אַ שטאַמלענדיקער ענט־פער — פאַרגעסן צו קויפן אַ שעכטל סיגאַרעטן...

פון דעם טאָג אָן, האָט בן־צביס פוס מער נישט באַטראָטן דעם מטבח־הפועלים...

# צוריקגאַנג...

נישט געקוקט אויף דער שפּעטער שעה, איז דער פּענסיאָ־נירטער באַנק־באַאַמטער אַרנאָלד פרייבערג, נאָך אַלץ געזעסן ביי זיינע פריינט, די פאַמיליע נחמה און יחזקאל פלוסנער.

זינט דער יום־כיפור־מלחמה — ווערט אַרנאָלד פרייבערג אָפט איינגעלאַדן פון די פלוסנערס צו די פרייטיק־צונאַכטיקע מאָלציייטן. אויך די פאַמיליע פלוסנער, איז גאַנץ אָפט געווען איינגעלאַדן צו די פרייבערגס. צו די פרייטיק־צונאַכטיקע מאָל־צייטן. אָבער דאָס איז געווען פאַר דער יום־כיפור־מלחמה און נאָך אָפּטער, ווען אין הויז פון דינה און אַרנאָלד פרייבערג, האָבן זיך געפונען זעקס קינדער אין פאַרשידענעם עלטער ביים געדעקטן שבתדיקן טיש, אַרום וועלכן ס׳האָט שטענדיק געשוועבט אַ היימ־לעכע יום־טובדיקע שטימונג. יעדעס מאָל ווען די פלוסנערס האָבן זיך באַוויזן מיט זייער איינציק יינגל, האָט מען אויסגערוקט דעם טיש, צוגעשטעלט שטולן גענומען פון אַ צווייטן צימער און, ס׳פלעגט זיך גלייך שאַפן אַן אַטמאָספער פון אַ שמחה, און די אויגן פון די אַרומזיצנדיקע קינדער, האָבן גענומען פינקלען ווי די געשליפענע קעלישעקלעך און טעצעלעך, אויף וועלכן ס׳איז געפאַלן דאָס ליכט פונעם פיר־אָרעמדיקן זשיראַנדאָל.

די היימלעכע און הייטערע שטימונג אין הויז פון די פריי־בערגס, האָט אָנגעהאַלטן אומגעענדערט אַזוי לאַנג — ביז עטלעכע פון די קינדער, האָבן דערגרייכט צו דער עלטער אין וועלכער טאַטע־מאַמע נעמען אויסקוקן פון זיי דעם געגאַרטן נחת. די פרייבערג האָבן ענדלעך דערלעבט נחת פון די קינדער. אַ דאָפּלטן

נחת. אין איין און דעם זעלבן יאָר האָבן חתונה געהאַטביידע עלטערע זין, און — ביידע זענען זיי אינעם זעלבן יאָר אַוועקגעפאָרן מיט זייערע אויסדערוויילטע קיין אויסלאַנד. איינער קיין בראַזיל און דער צווייטער קיין טשילי. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און די פרייבערגס האָבן אָנגעהויבן באַקומען בריוו פון די זין, וואָס האָבן זיי פאַרשאַפט גרויס נחת. אָבער געפונען האָט זיך דאָס נחת — דערווייטערט פון די פרייבערגס אויף טויזנטער קילאָמעטער איבער טייכן און ימים...

אין הויז פון די פרייבערגס, איז געוואָרן גערוימער און שטילער און, בעת אַ פרייטיק־צונאַכטיקער איינלאַדונג פון די פלוסנערס — האָט מען שוין מער נישט אויסגערוקט דעם טיש און אַריינגעבראַכט שטולן פון אַ צווייטן צימער.

אַז ס'איז באַשערט געווען צו האָבן אויך נחת פון ביידע טעכטער — די עלטסטע פון די געבליבענע קינדער אין הויז — איז איינע געפאָרן קיין אַמעריקע שטודירן און, באַקענט דאָרט אַ נישט יונגן בחור, אַ כירורג — האָט זי מיט אים דאָרט חתונה־געהאַט. מיט דער צווייטער טאָכטער, דער יונגערער, האָט עס געדויערט אַ ביסל לענגער, אָבער געקומען איז עס אומגעריכט. אין אַ געוויסן טאָג, איז אַראָפּגעקומען פון קאַנאַדע קיין ישראל, צום יום־עצמאות, אַ זון פון דער פרוי פרייבערג און, קורץ פאַר דער צייט פון זיין צוריקפאָרן — דערקלערט, אַז... אָן צפורה'ען רירט ער זיך נישט פון אָרט... און, ווידער אַמאָל איז געקומען אַ דערלעבטער נחת פון טאַטע־מאַמע, וואָס געפונען האָט ער זיך ווייט פון זייערע אויגן — אויף טויזנטער קילאָמעטער איבער טייכן און ימים...

— אינעם הויז פון די פרייבערגס, איז געוואָרן נאָך מער גערוימער און שטילער אַרום טיש...

ווי באַווירקט פון דער אומהיימלעכער ענדערונג אין הויז פון די פרייבערגס — זענען אויך די באַזוכן פון די פלוסנערס ביי זיי, ביסלעכווייז געוואָרן אַלץ זעלטענער. דערפאַר אָבער,

האָבן זיך איצט אין הויז פון די פרייבערגס געפונען אויף די ווענט און אויפן קרעדענס, אין די שופלאָדן און אין אַלבאָמען, צאָלרייכע פאָטאָגראַפיעס פון זייערע טעכטער און מענער — מיט זייערע קינדער — די אייניקלעך פון די פרייבערגס.

דער דערלעבטעטער נחת האָט מיט דער צייט אַרויסגערופן ביי די פרייבערגס אַ זאָרג, צי וועט נישט דאָס, וואָס ס׳איז געשען מיט די עלטערע קינדער ווען זיי זענען געוואָרן דערוואַקסן, נישט געשען אויך מיט דער צייט, מיט ביידע ייִנגלעך וואָס גייען נאָך אין דער שול און, אין אַ געוויסן טאָג — וועלן זיי אויך אַוועקפליִען ווי די פייגל — קומען צוריק... האָבן די פרייבערגס באַשלאָסן, אַז זיי וועלן מיט אַלע מיטלען, נישט קאַרגן קיין מי און געלט און זען ווי ווייט מעגלעך איינצופלאַנצן אין ביידע קינדער אַן אָרגאַנישע ליבע צו זייער לאַנד ישראל.



ס׳איז געגאַנגען דער צווייטער טאָג פון דער יום־כיפור־מלחמה. ווי אין אַלע יידישע היימען פונעם לאַנד, זענען אויך אין הויז פון די פרייבערגס, אַלע זאָרגן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין דירעקטן שייכות מיט דער ערנסטער ניי־געשאַפענער לאַגע אין לאַנד — געוואָרן אַריבערגעפירט אויף זייטיקע רעלסן.

שווייגנדיקע און ערנסט פאַרטראַכטע, מיט אויגן אַרונטערגעלאָזטע צו די טעלער — זענען ביים מיטאָג־עסן געזעסן דינה און אַרנאָלד, און זייער יונגסטער זון גיורה.

יעדער פון די דריי זיצנדיקע ביים טיש, האָט אין זיין שווייגן, געטראַכט וועגן איין און דעם זעלבן. אָבער דער יונגסטער זון, גיורה, האָט אויך וועגן נאָך עפּעס געטראַכט, אַזוי ווייט זיך פאַרטראַכט, אַז די פרוי דינה איז געווען געצוווּנגען איבערצורייסן דאָס אַרומיקע שווייגן און, אַ פרעג־געטאָן גיורהן:

— וואָס איז עס מיט דיר גיורה? וואָס האַלסטו עפּעס אַ

ליידיקן לעפלביים מויל? דאָס עסן איז דאָך שוין קאַלט געוואָרן!

גיורה האָט זיך אַרומגעקוקט ווי אַן איבערגעוועקטער פון אַ חלום. נאָר דערזעענדיק דעם טאַטנס אַנגעשטרענגטן בליק אויף זיך, האָט ער זיך האַסטיק אויפגעשטעלט פון טיש, און אין איין אָטעם, מיט ברען, אַ זאָג־געטאָן צו ביידן:

— כ׳האָב אייך וואָס אַן אמת נישט געפרעגט... ווייל כ׳האָב פאַרשטאַנען... אַז איר וועט נישט זיין דערקעגן... ס׳איז מיין חוב! כ׳וועל נישט וואַרטן ביז מ׳וועט מיך קומען רופן!



דאָס גרויסע דרייפאַכיקע אומגליק, איז געשען אין פאַרלויף פון איינציקע אַכט טעג... אין זיבן טעג, האָט אַרנאָלד פרייבערג פאַרלוירן ביידע זין. איינעם — אויפן גולן, און דעם צווייטן — אין סיני... אויפן אַכטן טאָג האָט פרייבערג פאַרלוירן זיין פרוי דינה, וועמענס האַרץ האָט נישט אויסגעהאַלטן די צוויי שווערע קלעפּ.

בלויז מיט אַ חודש שפּעטער נאָך דער גרויסער טראַגעדיע, איז דעם פעסטגעבויטן און שטענדיק געזונטן פרייבערג, וואָס איז ערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק אַרויס אויף פּענסיע — נישט געוועזן מער צום דערקענען. נישט געקוקט אויף דער רחבותדיקער וווינונג מיט אַן אויסקוק צו אַ ברייטן פּייזאַש — האָט ער איצט, נישט געקוקט אויפן דרויסנדיקן וועטער, כמעט אין אַלע שעה׳ען פונעם טאָג, אַרומגעשפּאַנט ווי אַ קיינעם נישט נויטיקער היימ־לאָזער זקן, איבער דער גרויסער שטאָט, און פון מאָל צו מאָל — אַ מידער, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ באַנק, און געבליבן זיצן מיט שווערע, צעדריוולטע מחשבות, ווי צווישן חלום און וואָר...

# „אָטעלאָ און דעסדאַמאָנאַ"

שוין אַ יאָר פופצן ווי דער יידישער אַקטיאָר גימפּל שאַרף, וואָס איז געוו'ען גוט־באַקאַנט אין פּוילן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה — האָט נאָכן טויט פון זיין פרוי, שוין ביי דער בייער אָרדענונג, אויסגעוואַנדערט פון דאָרט און זיך באַזעצט אין ישראל.

נאָך יאָרן פון האָבן איבערגעריסן זיין אַקטיאָרישע טעטיקייט אין דער אַלטער היים, זענען דאָ זיינע ערשטע טריט און באַמיונגען געווען אָנגעווענדט צו קאָנען ווידער אַ מאָל אין זיין לעבן באַטרעטן די ברעטער פון דער בינע און, הונדערטער פאַר אויגן זאָלן ווידער אַ מאָל, מיט אָנערקענונג, זיין געווענדעט צו אים...

צוליב נישט פאַרויסגעזעענע סיבות, האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צו פאַרווירקלעכן זיין הייסן פאַרלאַנג און, בלית בריה, איז אים, נאָך אַ סך אַרומלויפעניש און פאַרזיכטיקן אָנקלאַפּן אין אַ סך טירן, ענדלעך געלונגען דורך דער הסתדרות — נישט אינגאַנצן אָן פּראָטעקציע — צו באַקומען אַרבעט ווי אַ „ווינדזשאַש", לויטן לשון פון דער אַלטער היים: פירן מענטשן מיט דער ווינדע אַרויף און אַראָפּ אין אַ פיל שטאָקיקער געביידע מיט אַ סך צימערן, אָנגעזעצטע מיט באַאַמטע ווי בינען אין אַ בינשטאָק, און ווו חוץ פירן אַלעמען מיט דער ווינדע, האָט ער אין געוויסע שעהען געראַפּט אויך העלפן ביים דערלאַנגען טיי פאַר די באַאַמטע.

ווער ס'איז געוואָרן פאַרברוינט, פאַרפּאַליעט אין זוניקן לאַנד, דער אַקטיאָר גימפּל שאַרף האָט בלויז געשוויצט אין זיין ענגער

קאַבינע פון דער ווינדע און זיין פנים האָט געגומען אַלץ מער בלאַס ווערן.

ביסלעכווייז, מיטן לויף פון דער צייט, האָט ער זיך אַלץ מער אַריינגעלעבט אין זיין אַרבעט. ער האָט געדענקט יעדנס נאָמען און אָמט, געדענקט דעם שטאָק און נומער פון דער טיר הינטער וועלכער דער אָדער יענער איז געזעסן. גימפּל שאַרף פלעגט אָפט אָבסערווירן די שעפן פון די אָפּטיילונגען און זייערע באַאַמטע בעתן פירן זיי מיט דער ווינדע און, אַריינדערלאַנגען זיי די טיי, און נישט איין מאָל פלעגט זיך אים אויסדאַכטן, אַז אַלע זענען זיי אַקטיאָרן און שפּילן די ראָל פאַר אים...

כאָטש די טעג ביי דער אַרבעט האָבן זיך פאַר אים געריקט שווער און לאַנגזאַם, זענען דאָך פאַרביי אַ יאָר נאָך אַ יאָר. ס'האָט אים שוין בלויז געפעלט עפּעס ווייניקער ווי דריי יאָר אַרויסצוגיין אויף פּענסיע. ער האָט אַלץ אָפטער געגומען טרוימען וועגן גע־פינען זיך אונטערן פרייען הימל, וועגן צעגרינטע פעלדער און ביימער מיט אַ סך, אַ סך זון, פאַר וועלכער ער זאָל אָפּדעקן, וואַרעמען און היילן, די קרענק פון זיינע פיס וואָס האָט זי'ך אין זיי איינגעגעסטעט בעת זיין אַרבעטן דאָ, און — דער טרוים פונעם אַקטיאָר גימפּל איז לסוף געוואָרן וואָר. אמת, נישט גענוי ווי זיין פאָרשטעלונג, אָבער דאָך...

שוין דאָס צווייטע יאָר, ווי באַלד נאָכן אָנקומען פונעם פרי־זומער, ווי נאָר די זון נעמט אַלץ מער אַרויפשווימען צום הימל, זיצט שוין דער אַקטיאָר גימפּל שאַרף אויף אַ פון אים אויס־געוויילטער באַנק פון אַ שטאַכעטן־פּלויט וואָס נעמט אַרום מיט ביימער אַ פּאַלקס־שול. איבער זיין קאָפּ גרינט אַ צעבלעטערטער, געדיכט־צעצווייגטער בוים. פאַרקאַטשעט ביז איבער די קני די אונטערשטע טיילן פון די הויזן, זיצט ער דאָ טאָג־איין טאָג־אויס, האַלטנדיק אויסגעצויגן די אָפּגעדעקטע קראַנקע פיס אויף די צעפּעכערטע שטראַלן פון דער זון. פון מאָל צו מאָל כאַפּט ער אַ בליק אין דער צייטונג וואָס ער האַלט שטענדיק אַ צעעפנטע

נעבן זיך, אויף דער באַנק, אָדער ער זיצט אַ טיף פּאַרטראַכטער. מערסטנס קוקט ער מיט נייגער אויף די פאַרבייגייער, יונג און אַלט, יעדער מיט זיין גאַנג, לבוש און אויסדרוק אויפן פנים. ער דער אַקטיאָר, זיצט דאָ מיט אַ געפיל, ווי ער וואָלט געווען אַ טעאַטער־צושויער און די גאַס, די וועלט — די בינע...

פאַר דער גאַנצער צייט פון נעמען זיין זון־קוראַציע, האָט ער כמעט נישט געהאַט דאָ קיין בייזיצער. ער איז אפשר צופרידן געווען פונעם נישט געשטערט ווערן דורך קיינעם אין זיינע טראַכטענישן און חלומות, אין אָבסערווירן מיט אינטערעס דאָס שטיקל טייל פון דער וועלט, צו וועלכער ער האָט טאָג־טעגלעך זיך צוגעקוקט פון דער באַנק־אַראָפּ.

שטענדיק אַ צעכראַסטעטער מיט פאַרקאַטשעטע הויזן איבער די קני, ווי אַ פישערביים ברעג ים, אין דער סאַמער מיט באַנק, ווו פון איין זייט איז געלעגן אויסגעשפּרייט זיין צייטונג און אין דער צווייטער — אַ ניילאָן־זעקעלע מיט שפּייז און מיט אַן אויס־זען פון אַ הפקר־מענטש, אַ וואַגאַבונד — איז קיינעם נישט איינ־געפאַלן זיך אָוועקזעצן אויף אָט דער באַנק...

ווען נישט אַ צופאַל, וואָלט דער אַקטיאָר גימפּל שאַרף, ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך געהערשט אומגעשטערט אויף אָט דער באַנק.

נאָר אין אַ געוויסן טאָג, ווען די זון האָט ביסלעכווייז גענומען נייגן צו מערב און דער אַקטיאָר האָט שוין געהאַט אויסגעליידיקט די העלפט פונעם ניילאָן־זעקעלע, צוריק אַראָפּגעשאַרצט די הויזן פון די אָפּגעדעקטע פיס, וואָס האָבן זיך שוין געפונען אין שאָטן, האָט פלוצעם, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס זיך באַוויזן, נעבן דער באַנק אַ באַשיידן־געקליידטע פרוי אין די זעכציקער און מער מיט אַ זשעסט מיט דער האַנט, ווי מיט איר שטים — גע־פרעגט צי זי מעג זיך דאָ אַוועקזעצן.

— ביטע, פאַרוואָס נישט? האָט גימפּל שאַרף אַוועקגענומען דאָס ניילאָן־זעקעלע, די אויסגעלייגטע צייטונג נעבן זיך, עטוואָס אָפּגערוקט זיך אין דער זייט, און שטיל געזאָגט:

— כ׳האָב די באַנק נישט אָקופּירט. זי שטייט דאָ פאַרן ווייל פונעם פאָלק, אַלץ איז פאַרן ווייל פונעם פאָלק... — האָט ער צו־געגעבן מיט סאַרקאַזם.

דערהערט די ווערטער און דאָס קול, איז די פרוי געבליבן זיצן ווי צוגעשמידט צום אָרט. זי האָט דאָך אַמאָל ערגעץ־ווו אַזוי אָפט געהערט די דאָזיקע שטים און דאָס אַרויסגעזאָגטע, מיטן זעלבן סאַרקאַזם. די אומבאַשטימטקייט אין איר געדאַנק האָט געדויערט אַ ברוכטייל פון אַן אויגנבליק. מיט אַ בליציקער שנעל־קייט איז אין איר מוח דורכגעלאָפן אַ ליכט און מיטאַמאָל אָפּ־געדעקט עפּעס אַ פון־לאַנג־פאַרגאַנגענס. זי האָט האַסטיק אויס־געדרייט דעם קאָפּ און איינגעקוקט זיך מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן אינעם מענטש וואָס האָט אין אַן אייניצקער סעקונדע זי צוריקגעפירט צו דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. זי האָט אָנגעכאַפּט דעם אַקטיאָר פאַרן אָרעם און אויסגערופן מיט היסטעריע: „אָטעלאָ! אוי, אָטעלאָ!”.

אויך אינעם זכרון און אין גוטן געהער פון גימפּל שאַרף איז אין לויף פון עטלעכע צענדליק יאָר נישט פאַרווישט געוואָרן די שטים פון דער דאָזיקער פרוי. ער האָט זי פעסט אַרומגעאָרעמט, און איז בלויז בכוח געווען אויסצורופן „דעסדאַמאָנאַ! אוי, דעס־דאַמאָנאַ! דעסדאַמאָנאַ!...”



ס׳איז שוין געווען שפּעטער אָוונט. אין דער אַרומיקער שטילקייט האָבן בולט אָפּגעקלאַפּט די פוסטריט פון די ווייניקע דורכגייער. ביידע אַקטיאָרן פון אַמאָליקן פּוילן, פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, גימפּל שאַרף און מיראַ טערנער, וועמען מ׳האָט צוליב זייערע אויפטריטן אין דער טראַגעדיע „אָטעלאָ” געקרוינט מיט די נעמען „אָטעלאָ ”און „דעסדאַמאָנאַ”, זענען נאָך אַלץ געזעסן אויף דער באַנק פאַרשמועסט אין זייערע דערמאָנונ־

געז פון די אַמאָליקע פאַרגאַנגענע יאָרן, ווידער אַמאָל איבער־געלעבט אין געדאַנק אַלע גרויזאַמקייטן און פּיינען און, איבער־געריסן אויף אַ ווײַלע דעם שמועס — האָבן ביידע, אין דער בלאַסער שײַן פון אַ גאַסן־לאָמפּ, באַטראַכט איינער דעם צווייטן...

גימפּל שאַרף האָט באַלד אין אָנהייב פונעם שמועס זיך דער־וווּסט, אַז מירע טערנער איז אַן אַלמנה און אַז איר מאַן הערשקע פּיינזילבער, וואָס האָט צוזאַמען מיט ביידע געשפּילט אין „אָטעלאָ" די ראָל פונעם אינטריגאַנט „יאַגאָ", — ליגט שוין יאָרן אויפן בית הקברות אין קוּבישעוו אין ראַטנפאַרבאַנד. אויך מירע טער־נער האָט בעתן שמועס זיך דערוווּסט, אַז גימפּל שאַרף איז אַן אַלמן, אַז ער האָט איבערגעלאָזט אין נייעם פּוילן, אויפן וואַל־בזשיכער בית־עלמין זײַן פרוי חוהלע שאַרף, וואָס האָט אַמאָל זיך אויסגעצייכנט אין אַ סך טעאַטער־שטיק.

— וואָס ?! ס'איז שוין נאָך עלף! — האָט מירע טערנער אַ קוק־טוענדיק אויף איר האַנט־זייגערל, אַ זאָג־געטאָן מיט פאַר־ווּנדערונג און ביידע האָבן זיך אויפגעשטעלט.

— כ'וועל איך... כ'וועל דיך... באַגלייטן. וווינסט ווייט פון דאַנען? — האָט שאַרף געפרעגט און צוגעגעבן: איך וווין נישט ווייט פון דאַנען. נאָכן דריטן ראָג דאָ אַראָפּ לינקס.

— און איך — האָט מירע אַרויפגעוויזן מט אַ פינגער — דעם פערטן ראָג, רעכטס.

— נישט גוט צו זײַן אין אונדזערע יאָרן גאַנץ אַליין! האַ? ווי מיינסטו מירע?

— ניין, נישט גוט גימפּל... אָבער וויפל איז אונדז שוין געבליבן צו דערגיין... בלויז אַ שטיקל וועג...

— יאָ, אמת מירע. אָבער אַפילו אַ שטיקל וועג — איז אויך בעסער אין צווייען... אין צווייען איז לײַכטער. צווייטנס, זענען מיר נאָך גאָרנישט אַזוי אַלט אין יאָרן און, אין אַלגעמיין...



עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד איז מיראַ טערנער — וואָס איז געווען באַשעפטיקט ביי אַ פאַמיליע ביים אומגיין מיט צוויי קינדער — געקומען טאָג־טעגלעך, פאַר זון־אונטערגאַנג, וויזי־טירן דעם אַקטיאָר גימפּל שאַרף אויף זיין אויסדערוויילטער באַנק.

ס׳האָבן לסוף זיך געשטעלט האַרבסטיקע טעג. גאַנץ אָפט, האָט מען געקאָנט באַגעגענען „אָטעלאָ" און „דעסדאַמאָנאַ" ווי ביידע טראָגן פון באַזאַר אַ גרעסערן קאָרב מיט שפּייז. ער, ביי איין אויער און זי, ביים צווייטן.

אין צווייען איז לייכטער געווען...

# אַ נײַ לעבן

די שכונה, אין וועלכער שושנה האָט שוין איבער פיר יאָר געאַרבעט אַלס קראַנקנשוועסטער אין דער כירורגישער אָפּטיילונג פון שפּיטאָל, איז נאָך געווען פאַרזונקען אין דער נאַכטיקער פינצ־טערניש און שווייגן. נאָר ווייט, ווייט — האָבן שוין אויפן העל־בלויען הימלראַנד גענומען דורכשלאָגן בלאַסע, געקרויזטע, ראָז־לעכע און ווייסע פּאַסן, וואָס האָבן ביסלעכווייז גענומען אָפּדעקן די קריה, אין וועלכער זי האָט געוווינט מיט איר מאַן אריה.

יעדן טאָג, מיטן אויפשפּראָץ פון פרימאָרגן, נאָך איידער דער ערשטער אויטאָבוס רייסט זיך אַריין מיט זיין מאָטאָר־גערויש און רעדער־געראָל אין דער נאָך־שלאָפנדיקער קריה, שטייט שוין שושנה אויף די פיס, כאַפּט אַ בליק צו דער נאָך פאַרטונקלטער ווייט, ווו ס׳געפינט זיך איר אַרבעט־פּלאַץ, דערמאָנט זיך יענעם אָוונט ווען זי איז געקומען צו איר נאַכט־אַרבעט און געטראָפן ליגן די פאַרוווּנדעטע חיילים.

פאַרנעמענדיק זיך מיט די דאָזיקע פאַרוווּנדעטע, האָט אין אַ געוויסן טאָג צוגעצויגן איר אויפמערקזאַמקייט אַ יונגער בלאָנ־דער בחור, וואָס כאָטש זיין צושטאַנד איז נישט געווען שווערער פון זיינע קאַמפּס־חברים, איז ער מער פון זיי געווען אומרויק און נידערגעשלאָגן. בעתן פונאַנדערטיילן אַלעמען באַרויקונגס־טאַב־לעטן פאַרן שלאָף, האָט זי אַרויסבאַקומען פון אים די סיבה פון זיין אומרו. ער האָט דאָ, אין לאַנד, קיין שום קרובים נישט, איז מיט אַ יאָר צוריק אַהערגעקומען פון פּאַריז, ווו ער האָט געלאָזט, נישט געזעגנט, דעם טאַטן און די שטיפמוטער.

— האָסטו נישט עפּעס אַ מיידל ?... — האָט שושנה, אָן אַ שום מיין, סתם פון מיטגעפיל, געפּרעגט, און דערביי עטוואָס אונטערגעהויבן זיין קאָפּ, ער זאָל אַרונטערשלינגען מיט אַ ביסל וואַסער דעם טאַבלעט.

אומגעריכט פאַר שושנהן, האָט דער פאַרצווייפלטער בלאָנדער בחור, נאָכן אַראָפּשלינגען דעם טאַבלעט אָנגעכאַפּט איר האַנט, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן זיין קאָפּ און, צודריקנדיק זי צו זיינע ליפּן — אַ פעסטן קוש געטאָן און געפּליסטערט מיט אַן אָנגעצונדענעם בליק:

— ניין, כ'האָב קיינעם נישט! קיינעם נישט! אַזאַ מיידל ווי דו... וואָלט זיך געלוינט צו לעבן!...

— וואָס טוסטו, אריה... — האָט זי פאַרזיכטיק באַפרייט איר האַנט און זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן...



היינט איז שושנה נישט פאַרויסגעלאָפן דעם וועקזייגער. היינט איז זי צום ערשטן מאָל פאַרשלאָפן, האָט נישט געהערט דעם מאָטאָר־גערויש פונעם ערשטן אויטאָבוס, וואָס האָט מיט זיין האַסטיק אַריינפאָר צעריסן די אויסגעשפּרייטע שטילקייט איבער דער קריה.

אריה, אויפגעקומען פונעם רייסן זיך פון וועקזייגער, האָט איילִיק אויסגעצויגן זיין האַנט און, אים איינגעשטילט.

מיט פאַרוווּנדערונג און באַוווּנדערונג, ווי ער וואָלט זי איצט צום ערשטן מאָל דערזען — האָט אַריה אַ לענגערע ווײַלע זיך איינגעקוקט אין זיין רויק שלאָפנדיקער פּרוי, אויף וועמענס פּנים ס'האָט איצט גערוט אַ גליקלעכער שמייכל און אירע וואַלדיק־געדיכטע, לאַנגע, קאַשטאַן־גאָלדיקע האָר, האָבן ווי אַ ראַם אַרומגענומען איר קאָפּ...

געוווּסט, אַז זי האָט איצט פולע פיר טעג פריי, וואָס זי האָט

גענומען אויפן חשבון פונעם חופש — האָט ער זי נישט איבער־געוועקט, נאָר זיך שטיל אָנגעטאָן און, אויסטרינקענדיק אַ גלאָז טיי — גענומען מיט זיך דעם אַליין־צוגעגרייטן פרישטיק, פאַר־שלאָסן הינטער זיך די טיר, און אַוועק מיט זיין „וועספּאַ״ צו דער אַרבעט אין שטאָט.

שושנה האָט זיך איבערגעוועקט ערשט דאַן, ווען אַ גאָלדענער פלאַסט זונליכט האָט זיך צעלייגט איבער איר געזיכט און גענו־מען דורכדרינגען מיט זיין וואַרעמען שיין דורך אירע אַראָפּגע־לאָזטע אויגן־דעקלעך. אויפגעריסן די אויגן און געכאַפּט אַ בליק צום ליידיקן אָרט נעבן זיך, האָט שושנה מיט פאַרוווּנדערונג אַ רוף־געטאָן אין דער ריכטונג פון דער קיך: „אריה! אריה!״ און כאַפּנדיק אַ בליק צום וועקזייגער דערזען ווי ווייט זי איז פאַר־שלאָפן.

גראָד איצט, האָט זי אַזוי שטאַרק געוואָלט האָבן אריהן נעבן זיך און אים איבערגעבן וועגן איר חלום. זי האָט אַ פריידיקן צאַפּל־געטאָן און, אַרויפלייגנדיק די פינגער פוןביידע הענט אויפן בויך — דערפילט, ווי אינעווייניק גייט־אויף אַ ניי לעבן...

אין איר חלום, האָט שושנה געזען דאָס „נייע לעבן״ שוין אויף דער דרויסנדיקער וועלט. פון מינוט צו מינוט איז עס גע־וואַקסן פאַר אירע אויגן און, פון מינוט צו מינוט איז עס אַלץ ענלעכער געוואָרן צו אריהן, זיינע האָר, זיינע אויגן און נאָז...

אַ סך מאָל האָט שושנה היינט, אַן אומגעדולדיקע געקוקט אויפן זייגער, ווי זי וואָלט וועלן אונטעריאָגן די ווייזערס... גע־וואָלט וואָס שנעלער זיך טיילן מיט איר גרויסער פרייד אין איר ברוסט. זי האָט שוין געזען פאַר זיך זיין גליקלעך פּנים... שוין באַלד דריי יאָר ווי ער וואַרט דערויף...

ס׳האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז גראָד היינט, האָט זי זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף זיין אַהיימקומען. אומגעריכט איז צוגעפאָרן צו איר הויז אַ טענדער פון איר אַרבעט־פּלאַץ, און דער שאָפער האָט איר איבערגעגעבן אַ שריפטלעכע מעלדונג וועגן

איבערדרייסן דעם חופש און תיכף מיט דער מאַשין קומען אין שפּיטאָל.

אַז אריה איז אַהיימגעקומען און נישט געטראָפן שושנהן אין שטוב, האָט ער ווי אַלע מאָל אין אַזאַ פאַל — נאָכן אָפּעסן, זיך אַוועקגעזעצט הערן דעם ראַדיאָ און קורץ נאָך דעם זיך פאַרטיפט אין אַ בוך.

אַז די ווייזערס פונעם זייגער האָבן איבערגעשריטן צען אין אָוונט און שושנה האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט צוריקגעקערט, האָט ער פון מאָל צו מאָל איבערגעריסן דאָס לייענען און מיט אַ וואַקסנדיקן אומרו גענומען טראַכטן, אַז: נישט אַנדערש, נאָר זי איז דאָרט פאַרבליבן אויף נאַכט־שיכט, צוליב דער נישט פאָראויסגעזעענער אָפּוועזנהייט פון איינער אָדער צוויי קראַנקנ־שוועסטערס.

אַ זייגער עלף אין אָוונט האָט אַ שאַרף קלינגען אים אַרויס־געריסן פון שלאָף. ער האָט געעפנט די טיר. אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַ באַקאַנטער בחור פון דער קריה און דערלאַנגט אים אַ מאָביליזאַציע־צעטל און שנעל אַוועקגעאיילט ווייטער.

זיך געבערענגט אין אָרדענונג און אָנגעקומען מיט זיין „וועספּאַ" צום שפּיטאָל אין דער שכונה, האָט ער דאָרט אָנגעטראָפן אַ שטילע, אָבער פיבערהאַפטע פאַרנומענקייט. ער האָט אויפגעזוכט שושנהן, וואָס איז פאַר אים שטיין געבליבן מיט צערודערטע פרעגנדיקע אויגן. זיינע שטאַמלענדיקע ווערטער זענען געווען:

— שושנה, כ'לאָז דיר דאָ די „וועספּאַ"... וועסט זיך קאָנען מיט איר באַנוצן אָדער צוריקברענגען אַהיים — האָט ער איר געוויזן דעם „צו־גיוס".

עס איז נישט געווען איצט די צייט זיך צו טיילן מיט אים מיטן גרויסן גליק, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג זיך געריסן פון איר... זי האָט נאָר טיף אַריינגעקוקט אין אריהס אויגן און צוגעדריקט זיין האַנטפלאַך צו איר בויך...

אריה האָט פאַרשטאַנען...

נאָכן אָפּרײַסן זײַנע ליפּן פֿון אירע, האָט אריה מיט אַ זיכער קול געענטפֿערט:

— ס׳וועט זײַן גוט, שושנה!



אַ סך, זייער אַ סך, האָבן אין ״ענע טעג, זיך מער נישט צוריק־געקערט צו ז״ערע היימען... צו זייערע נאָענטסטע. אויך אריה איז געווען צווישן די דאָזיקע. ער איז געשטאָרבן פֿון די ווונדן ערגעץ אין אַ שפּיטאָל.

ווי פֿריער — האָט די זון ווייטער געשײַנט איבער דער ערד און די לבנה, אין איר צײַט, האָט ווייטער געזילבערט און אַרײַנ־געלויכטן נאָך האַלבער נאַכט דורכן פֿענצטער אויף שושנהס בעט. שושנה, אַ בלאַסע, מיט רויטלעכע פֿון טרערן אויסגעטריקנטע אויגן, ליגט א״נע אַליין אין איר צימער און מורמלט צו זיך אַליין:

— פֿאַר וואָס בין איך נישט געווען נעבן אים דאָרט אָ, אריה, אריה מײַנער...

איר בוין האָט אַ צאַפּל־געטאָן און ווידער האָט זי זיך דער־מאָנט אָן איר חלום אין יענער לעצטער נאַכט פֿאַר אַריהס אַוועקגיין און איר מורמלען איז איבערגעגאַנגען אין אַ הייס פֿליסטערן:

„אריה, אַ ניי לעבן, אָ, אריה, אריה!...״

# ער וויל אַרויסגעבן אַ בוך

„גוט וואָס כ׳האָב אייך אָנגעטראָפן״ — האָב איך גייענדיק אין גאַס פּלוצעם דערהערט הינטער זיך האַרט נעבן מיין אויער, און שוין, אָן אַ „שלום״ — געהאַט פאַר זיך אַן אויסגעשטרעקטע האַנט.

כ׳האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום הויכוווקסיקן אייגנטימער פון דער אויסגעשטרעקטער האַנט און, אַ פאַרוווּנדערטער, אים באַטראַכט.

— וואָס, איר דערקענט מיך נישט? — האָט זיך אויפן פרעמדלעכן עלטערן מאַן צעלייגט אַ שמייכל פון פאַרלעגנהייט און, זיינע עטוואָס פאַרטיפטע גרויליעכע אויגן, פאַרשאָטנט פונעם אַרונטערגעלאָזטן ראַנד פון אַ שוואַרצן שטרויהוט, האָבן ווי אין געבעט, אַראָפּגעקוקט צו מיר.

צוליב אָט דעם בליק זיינעם, האָב איך נישט געהאַט קיין האַרץ צו זאָגן אים „זייט מיר מוחל, אדון, כ׳הייב אייך נישט אָן צו קענען״ און, כ׳האָב אַרויסגעשטאַמלט:

— יאָ... עפּעס קאָן איך זיך נישט דערמאָנען ווו און ווען?... ביי וועלכע אומשטענדן...

— אַהאַ, איר זעט, כ׳וועל אייך דערמאָנען — האָבן זיינע גרויליעכע אויגן אויפגעלעבט און ער האָט העכער אַרויפגערוקט אויפן שטערן זיין שוואַרצן שטרויהוט:

— ס׳איז געווען מיט אַ צייט צוריק, אויף אַן אָוונט געווידמעט דער שואה. — מיינער אַ פריינד, וואָס איז אויך אייער אַ פריינד, האָט אייך פאַר מיר פאָרגעשטעלט. מיר האָבן גערעדט וועגן די

אומגעקומענע פוילישע יידן און איך האָב אייך אָנגעהויבן דערציילן וועגן מיין שטאָט, און וואָס אַזעלכעס איך האָב אַלץ איבערגעלעבט און דורכגעמאַכט. נאָר... איר האָט זיך דעמאָלט שטאַרק געאיילט.

— יאָ, כ׳דערמאָן זיך עפּעס... מיט וואָס אייגנטלעך איז אַזוי גוט וואָס איר׳ האָט מיך איצט באַגעגנט?

— הערנט, אדון פּיערניקאָוו — האָט ער דרייענדיק צווישן די פינגער אַ שפּיץ פון זיינע אַרונטערגעלאָזטע גרויע וואָנצעס, זיך נענטער צוגעבויגן צו מיר און אַרויסגעשטאַמלט:

— כ׳ווייל אַרויסגעבן אַ בוך... יאָ, אַ בוך... שוין אַ לענגערע צייט ווי כ׳טראָג זיך אַרום מיט דעם געדאַנק. אַ געדאַנק, וואָס לאָזט מיך נישט רוען... ס׳איז מיינס אַ הייליקע פליכט! כ׳האָב וועגן זייער אַ סך זאַכן איבערצוגעבן. צו באַשרייבן. כ׳וויל עס נישט מיטנעמען מיט זיך אין קבר אַריין... דאָס זענען שרעקלעכע זאַכן, וואָס כ׳האָב אַליין איבערגעלעבט און זאַכן וואָס מיינע אויגן האָבן צוגעזען. איר הערט, אויסער איצט, פאַר אייך דאָ האָב איך ביזן היינטיקן טאָג, מיט קיינעם וועגן דעם נישט גערעדט. כ׳וויל זיך מיט אייך באַראָטן, הערן אייערס אַן עצה. ס׳הייסט, איר זאָלט מיר העלפן דעריין. כ׳מיין נישט חלילה אומזיסט...

— אויב איר האָט די מעגלעכקייט — האָב איך געזאָגט — פאַרבינדט זיך מיט אַ פאַרלאַג, מיט אַן אַרויסגעבער פון ביכער.

געזען אַז כ׳האָב געכאַפּט אַ בליק אויף מיין זייגער, האָט ער געזאָגט מיט באַדויער:

— כ׳זע, אַז איר איילט זיך... אָבער, איר וועט מיר מוחל זיין מיין צודרינגלעכקייט און אַ קליינע פּאָר מינוט אויסהערן אין וואָס עס גייט מיר. כ׳דאַרף די הילף פון אַזאַ מענטש ווי איר, כ׳זאָל פאַר אים קאָנען יעדן טאָג, אַ שעה־צוויי איבערגעבן דעם אינהאַלט פון דער גרויסער צאָל באַשריבענע זייטלעך, וואָס האָבן זיך ביי מיר אָנגעזאַמלט במשך פון צוויי יאָר און, איר זאָלט עס אויף אַ געהעריקן אופן, איבערשרייבן. מיין יידיש אין שרייבן איז ליידער נישט אַזוי גוט ווי אינעם רעדן.

כ׳האָט ווידער אַ מאָל אַ בליק־געטאָן אויף מיין זייגער, אָנגעקוקט דעם עלטערן, עטוואָס איבערגעוואַקסענעם ייד מיטן פאַרשאָטנטן פנים און, כאָטש כ׳האָב נישט בדעה־געהאַט צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע פאַרגעשלאָגענע אַרבעט — געפרעגט אים:

— אין וויפל עקזעמפּלאַרן, אַ שטייגער, רעכנט איר אַרויס־צוגעבן אייער בוך?

— דערווייל, וויל איך לאָזן אָפּדרוקן בלויז איין בוך... — איז געקומען אַן ענטפער אין פולן ערנסט.

דערזען מיינע ברייט־אויפגעריסענע אויגן, האָט ער מיר אויפ־געקלערט:

— יאָ, דערווייל וויל איך לאָזן אָפּדרוקן בלויז איין בוך. ס׳־הייסט איין עקזעמפּלאַר. אַז ס׳וועט אַרויסקומען גוט, ווי געהעריק, וועל איך באַשטעלן ווייטערע אַכט ביז צען ביכער. ס׳וועט מיר גענוג זיין אויף צעטיילן צווישן מיינע נאָענטע משפחה־מענטשן. — כ׳האָב דאָ, אין לאַנד, ווידער אויפגעשטעלט אַ משפחה־לעבן.

ווי שווער ס׳איז מיר געווען צו נעמען און מיט אַ מאַך מיט דער האַנט אַנטווישן אַ מענטשן, צו נישט־מאַכן זיינס אַ חלום — האָב איך אים קורץ, אומצווויידייטיק, געזאָגט:

— הערט וואָס כ׳וועל אייך זאָגן ר׳ ייד: שלאָגט אייך אַרויס פון קאָפּ דעם גאַנצן עסק פון אַרויסגעבן אַ בוך!... כ׳האָב איצט ליידער נישט די געהעריקע צייט אויף אויפצוקלערן אייך, פאַר וואָס, כ׳אייל זיך זייער. מען וואַרט אויף מיר...

שוין אויף דער צווייטער זייט גאַס, האָב איך פאַר מיין האַרצלאָזיקייט — געפילט הינטער זיך זיין פייַנטלעכן בליק און געזען זיינע פאַרפרעסטע ליפּן...

# ווי אַ פויגל אויף דער פריי...

סך הכל האָב איך אין דער קראָם פון פאַרבן געגעבן גאַנץ ווייניק צו לייזן.

איך ווייס אָבער נישט פאַר וואָס, דער סוחר, אַ שטענדיק פאַרשטויבטער און מיט איינגעגעסענע פלעקן פון אייל, פאַרב און זשאַווער אויף זיינע קליידער — האָט מיר געשאָנקען מער אויפֿמערקזאַמקייט פון אַלע גרעסערע און אָפטערע קונים זיינע און פאַר וואָס ער האָט געזוכט די געלעגנהייט צו פאַרפירן מיט מיר אַ שמועס.

מעגלעך, אַז דערפאַר וואָס ער האָט באַמערקט, אַז יעדעס מאָל וואָס כ׳בין אַריינגעקומען צו אים — האָב איך זייטיק באַטראַכט זיין ענגע גראָע קראָם אַן אויסגעפּולטע מיט פאַרשידענע שווערע ריחות און אַן אָנגעפּראָפּטע ביזן לעצטן צענטימעטער מיט אַן אַ שיעור קליינע אייזנוואַרג־אַרטיקלען וואָס אַ סך פון זיי, — פאַרשטופּטע אין קעסטלעך אונטערן הויכן סופיט, — זענען באַדעקט מיט געדיכטן זשאַווער און שטויב.

איין מאָל, ווען אויסער איך און ער, האָט זיך קיינער נישט געפונען אין קראָם — האָט ער נישט געפרעגט, מיר צוגערוקט אַ בענקל און, אַרויפגעלייגט דערויף אַ ריין שטיק פּאַפּיר, געזאָגט:

— זיצט, סיי ווי סיי רעגנט אין דרויסן.

אַז כ׳האָב מיטן געדאַנק, „איצט האָט ער מיך געפּאַקט!״ זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אים, האָט ער איינקוקנדיק זיך אין מיר, געפרעגט מיט אַ טרויעריקן שמייכל:

— זאָגט מיר... ווען איר באַטראַכט מיין קראָם און מיך...

איז ווי שאַצט איר אָפּ ?... — ווער האָט עס פוןביידן אַ גרעסערע ווערט ?...

כ׳האָב געוואָלט אים עפּעס ענטפערן נאָר, ער איז מיר פאַרויסגעלאָפן און אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אַרום זיך, אָנגעהויבן :

— איר זעט, אין אָט דער קראָם זענען מיט אַ צייט צוריק, אויסער מיר, אויך געווען באַשעפטיקט מיין ווייב און מיינער אַ זון. איצט זיצט מיין ווייב אין שטוב. זי איז שוואַך און קאָן שוין מער נישט. מיין זון איז אַנטלאָפן פון דעם ווי פאַר אַ פייער... — כ׳האָב צו אים גאָרנישט... ער האָט זיך איינגעאָרדנט ביי עפּעס אַנדערש און דאַרף נישט אָנקומען צו מיר. — בין איך געבליבן דאָ מיטן מענטש, וואָס איר האָט דאָ פריער געזען. ער אַרבעט שוין ביי מיר עטלעכע יאָר.

— איר הערט... — האָט ער נאָך אַ ווײַלע פון פאַרטראַכטן זיך און פאַרגעסן זיך — מיך פלוצים אָנגעכאַפּט פאַר אַ לאַץ :

— כ׳זאָג אייך... קיינער, קיינער קאָן דעם מענטש אַזוי נישט פאַרשקלאַפן, ווי דער מענטש זיך אַליין !... איר הערט... כ׳בין שוין צוויי מאָל אין מיין לעבן געווען אין געפאַנגענשאַפט, געזעסן פאַרשפּאַרט אין תפיסות און יעדעס מאָל באַוויזן אַרויסצוקומען אויף דער פריי ! נאָר, פון אָט דעם... — האָט ער אַ פיר געטאָן אַרום זיך מיטן קאָפּ — קאָן איך נישט אַרויס... — אַ צוגעקאָוועטער צו דער אַליין־אויסגעווילטער פאַרשקלאַפונג...

איינגעקוקט זיך אין זיינע מידע אומעטיקע אויגן, האָב איך געוואָלט אים דערויף עפּעס ענטפערן, נאָר אויך דאָס מאָל איז ער מיר פאַרויסגעלאָפן :

— כ׳בעט אייך... — האָט ער אַרומגעריפּט מיט די פינגער פוןביידע הענט זיין קאָפּ — צו וואָס... צו וואָס דאַרף איך עס פול־האָבן מיין שוואַכן קאָפּ מיט די אומצאָליקע נעמען, נומערן און מוסטערן פון אָט די אַלע אַרטיקלען און, אָפּפינצטערן דאָ אַלע טעג מיט אַן עגבערן אין מוח פון פאַרשידענע טשוועקעלעך,

— צו וואָס?! צו וואָס? צו וואָס... צו וואָס? צו וואַלן... רינגלען און נאָלן... צו וואָס? צו וואָס?!

שרויפן, שלעסער, ריגלען און נאָלן... צו וואָס? צו וואָס?! — דער מענטש אַרבעט שוין טאַקע ביי מיר עטלעכע יאָר — אָבער... ווער ווייסט — צו אייך האָב איך דעם פּולסטן צוטרוי אַז ס'וועט ווייטער נישט קומען... — ווו איז דען פאַראַן די הונדערט פּראָ־צענטיקע זיכערקייט... — איז טאַקע יעדעס מאָל, ווען כ'דאַרף זיך אַרויסכאַפּן אויף עטלעכע מינוט פון קראָם — קלער איך נאָר... אָבער איר ווייסט וואָס כ'וועל אייך זאָגן — האָט ער פּלוצעם צוגעגעבן מיט אַ טרויעריקן שמייכל: — „איר הערט, נישט איין מאָל טראַכט איך מיר: ווי גוט וואָלט עס געווען, ווען ער, דער „מענטש" מיינער, וואָלט אין איינעם אַ טאָג געקומען צו מיר און מיר פאַרגעשלאָגן אָפּקויפן די קראָם „אַזוי ווי זי שטייט און גייט". איר הערט... — כ'וואָלט אַרויסגעפלויגן ווי אַ פויגל פון דער שטייג... אַרויסגעפלויגן און — נישטאָ מיך... נישטאָ!...

# משנה מקום — משנה מזל

אַז משה פּלאָצקער איז אַלט געוואָרן זעכציק יאָר און איז אויך געווען נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע, האָט אים די עיריה, צוליב זיין צוואַנציק־יאָריקער אַרבעטזאַמקייט און האַלטן אין אָרדענונג „זיין גאַס", וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן בעת זיין קומען אין לאַנד — איבערגעפירט צום קערן אין אַן אַנדערער געגנט, אַ מער ריינע און שטילע, אָן גאַסן־הענדלער און אָן אַרומ־בלאָנקענדיקע הינט און קעץ.

טראָץ וואָס די נייע גאַס,וועלכע מ'האָט אים צוגעטיילט איז געווען פאַר זיין טובה־וועגן, האָט ער די דאָזיקע באַשטימונג אָנ־גענומען אָן התלהבות. ס'האָט אים באַאומרואיקט דאָס נייע און אומבאַוווסטע אויפן פרישן אָרט, צו וועלכן ער וועט זיך דאַרפן צוגעוווינען. דאָרט, ווו ער האָט געאַרבעט גאַנצע צוואַנציק יאָר, האָט ער דאָך געקענט, ווי זיינע צען פינגער, נישט בלויז די אַרומיקע איינוווינער, די באַלעבאַטים פון די געווועלבער און סטראַגגאַנעס, און די פאַרשידענע בעטלער און שלעפּער, נאָר טאַקע אויך אַלע אַרומבלאָנקנדיקע דאָרט הינט. איז אים דעריבער דער אַרבעטס־טאָג, שנעל פאַרביי. אָבער, אַז דער תימנער גאַסן־קערער, יצחק חדפי, וואָס האָט געאַרבעט אין דער שכנותדיקער גאַס, האָט אויף זיין מורא און צווייפלען, וועגן דער נייער גאַס וואָס מ'האָט אים איבערגעגעבן, אים געזאָגט: „אין על מה לפחד ולחשוב. דע, משנה מקום — משנה מזל!" — האָט אים דאָס העברעיִשע שפּריכוואָרט, וואָס ער פלעגט פון מאָל צו מאָל הערן

אין דער אַלטער היים, אַ ביסל באַרויִקט און אין זיין געדאַנק האָט געגומען טליִען אַ פּייערל — „אפשר טאַקע"...

די אַרבעט אויפן נייעם אָרט איז טאַקע געווען אַ סך לייכטער ווי פריער, אָבער אינעם גאַנצן — אַ ביסל שווערער. ער האָט דאָ אין דער נייער גאַס, קיינעם נישט געקענט און אויך קיינער — אים; האָט ער אינעם אַרבעטסטאָג, נישט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצובייטן. זיין איינציקער באַגלייטער, אין די אַלע שעהן, איז געווען דער שטומער בעזעם און אויך עפּעס אַ ברוינער, צעשויבערטער הונט. דער הונט איז צו אים צוגעשטאַנען פונעם ערשטן טאָג, ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט איבערבייסן ביי אַ נידעריק באַשאָטנט מויערל. האָט ער, אָפטער ווי פריער, געטראַכט וועגן זיין פאַרשטאָרבן ווייב, וועגן זיין איינציקן זון, וואָס איז געפאַלן אין דער יום־כיפּור־מלחמה און אויך וועגן דעם טעכטערל, וואָס איז אים מיט יאָרן צוריק, געשטאָרבן אין עלטער פון זעקס יאָר.

היות משה פלאָצקער האָט נישט געקאָנט דעם גאַנצן אַרבעטס־טאָג שענקען זיין אויפמערקזאַמקייט דעם בעזעם און זיין „צוטשע־פּעניש" — דעם צעשויבערטן הונט, האָט ער, נאָך אַ געוויסער צייט, אָנגעהויבן באַגריסן מיט אַ „שלום אדון, אָדער שלום גברת", די איינוווינער פון דער שטילער גאַס, וועלכע ער האָט יעדן טאָג, כמעט, אין דער זעלבער שעה, געזען פאַרבייגיין נאָענט פון זיך, בעת ער האָט געקערט דעם טראָטואַר. די מענטשן זענען אים נישט שולדיק געבליבן קיין „שלום" און ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי מ'האָט אים געקאָנט אָנטרעפן שטיין אין אַ שמועס מיט וועמען פון די איינוווינער, אָנגעשפּאַרט אָנעם שטעקן פון דער קערבאַרשט, וואָס ער האָט געהאַלטן אַרומגענומען מיט ביידע האַנטפלאַכן...

אין איינעם אַ טאָג, ווען די זון איז שוין געשטאַנען גאַנץ הויך און געפלאַמט איבער די קעפּ, האָט משה פלאָצקער אַרויסגענומען פון זיין רענצל אַ פלאַש און זיך אַרומגעקוקט וואוהין ס'איז גלייכער

צו גיין אָנצוגיסן קאַלט וואַסער צום טרינקען. מיטאַמאָל האָט פון דער מרפסת אויפן הויכן פּאַרטער, וואָס איז פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין אַרבעטן דאָ געווען פאַרמאַכט און אונטער וועלכער ס'האָט זיך געפונען דאָס מויערל, אויף וועלכן ער פלעגט פאַרצערן זיינע מאָלציימן אָדער זיך אויסבאַהאַלטן פון דער שטאַרקער זון — זיך דערהערט אַ הייטערע פרויען־שטים מיט אַ קוויטשל, וואָס האָט אין אַ ליטווישן יידיש מיט אַ „סמך" אָנשטאָט דעם „שין", גערופן צו אים: ר' ייד! ר' ייד! איר ווילט עפּסער אָנעמען קאַלטע וואַסער!? — איז גיט אַהערצו אייער פלאַס, איכ'ל אייך געבן פון מיין פריסידער! אָפּגענומען די פלאַש וואַסער און באַדאַנקט — האָט משה פלאָצקער געכאַפּט אַ לויפיקן בליק אויף דער דיקלעכער פרוי מיט די רויטע געשמינקטע ליפּן און צוגעגעבן: „איר האָט מיך איצט דערמאָנט, פרוי, די געשיכטע מיט רחלען און יעקבן בעת ער איז געקומען צו לבנען...

— גאָרניט קיין סלעכטער פאַרגלייך ר' ייד. איר זאָלט אַזעי טרעפן עיף מפעל הפּיס, ווי איר האָט צוגעטראָפן מיטן נאָמען! מיין נאָמען איז טאַקע רחל. נאָר מיט דעם אונטערסייד — וואָס יענע איז ניסט געווען קיין אַלמנה. — האָט די ליטוואַטשקע געזאָגט מיט אַ ברייטן שמייכל וואָס האָט אָפּגעדעקט אירע צוויי פּאָדערשטע גאָלדענע ציין, בעת אירע פאַרזשמורעטע אויגן האָבן מיט אַן אָפּשאַצנדיקן בליק, זיך איינגעקוקט אינעם גאַסן־קערער.

— אַרבעט איר סעין לאַנג אין אָט דער גאַס? — איז נאָך אַ ווײַלע שווייגן געקומען אַ פראַגע.

— ניין, נישט לאַנג, פרוי, אָבער פאַר דער גאַנצער צייט, איז אייער מרפסת געווען פאַרמאַכט.

— יע, ס'קען זיין. כ'האָב זיך, ערסט נעכטן, אַריינגעקליבן אַהער. אַז מיין מאַן האָט געלעבט — ער זאָל מיר זיין אין ליכטיקן גענעידים — האָבן מיר געהאַט צוועי צימערן מיט אַ קיך. — איצט, איז גענוג פאַר מיר אַ צימער מיט אַ קיכל. כ'האָב וואָס אַן אמת, מעירע געהאַט זיך רירן פונעם אָרט אָבער, אַז מענטסן זיינען

געקומען און געזאָגט: „זלאַטע־רחל, „מסנה מקום — מסנה מזל״, האָב איך גענומען טראַכטן, עפּסער טאַקע... האָב איך גענומען די וועסצעס און היידאַ אַהערצו. האָב איך טאַקע געוואָלט פרעגן ר׳ ייד: גלויבט איר אין מסנה מקום — מסנה מזל״?

— וואָס וויס איך פרוי... איידער כ׳בין איבערגעגאַנגען אַהער אַרבעטן — האָט מען עס אויך צו מיר געזאָגט. ווי ס׳זאָל נישט זיין, איז בעסער צו גלויבן! — מ׳עט דאָך זען... — האָט משה פלאַצקער אָפּגעמאָסטן מיט איבערלייגונג די אומבאַקאַנטע צוגע־לאָזטע פרוי.

געזען ווי דער ייד האָט מיט עטלעכע טיפע שלוק אויסגע־ליידיקט די פלאַש, האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן פון מיטלייד:

— אייער וייב וואָלט איך געדאַרפט מיטגעבן צו דער אַרבעט אַ פלאַס טעי מיט לימאָן. — דאָס איז זייער גוט אין אַזאַ חמימה.

— כ׳האָב נישט קיין ווייב. כ׳בין אַליין.

— און קינדער?

— געהאַט. נישטאָ מער... — האָט דער גאַסן־קערער אַראָפּגע־קוקט מיט אַן אומעטיקן בליק צו די שפּיצן פון די שיך.

— יע, ר׳ ייד... ניסט לייכט אַזאַ לעבן... נאָך גוט וואָס איר זייט באַסעפּטיקט, אַז מ׳גייט אַרעיס עיף פּענסיע, איז נאָך שווערער דאָס זיין אַלעין...

— ביז צו דער פּענסיע — האָב איך נאָך צו וואַרטן גאַנצע פינף יאָר.

— אַזעי? טאַקע? — געמיינט אַז מער. איר האַלט אייך גוט! — האָט די פרוי זיך גוט איינגעקוקט אינעם גאַסן־קערער. זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן און פרעגן, אָבער אַ קלונג ביי דער טיר פון די הויזטרעפּ, האָט איר געשטערט און, מיט די ווערטער „כ׳בעט אייך איבער ר׳ ייד״ — איז זי אייליק פאַרשוווּנדן פון דער מרפסת.



נאָך דעם דאָזיקן טאָג, ווי משה פלאָצקער האָט געהאַט זיין ערשטן שמועס מיט דער ליטוואַטשקע, האָט ער יעדן טאָג געטרונ־קען טיי מיט לימאָן פונעם פרידזשידער און, פון מאָל צו מאָל, אַפילו אַ גלאָז קאַווע, און אַמאָל אויך, מיט אַ שטיקל קוכן, וואָס זי האָט פאַר אים אַוועקגעשטעלט אויפן אָנלען פון דער מרפסת.

ס׳איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און דער קוכן, אָדער קיכלעך, האָבן געקומען סטאַביל באַגלייטן די גלעזלעך קאַווע... און דער גאַסן־קערער האָט נאָך אַ קורצער צייט שוין געוווּסט, פון וועלכן ליטווישן שטעטל די פרוי שטאַמט, אַז איר נאָמען איז נישט געווי רחל נאָר, זלאַטע־רחל, געוווּסט שוין, מיט וואָס אירע עלטערן האָבן זיך פאַרנומען; אַז זי האָט נישט געהאַט קיין קינדער; מיט וואָס איר מאַן האָט זיך באַשעפטיקט און אויף וואָס ער איז געשטאָרבן.

אין אַ טאָג, בעת משה פלאָצקער האָט פון ווייטנס דערזען ווי זלאַטקע שלעפּט אַ שווערע טאָרבע מיט שפּייז פונעם באַזאַר און אַנטקעגנגעגאַנגען איר, צוגענומען די טאָרבע — האָט זלאַטקע אַ געשמייכלטע פון זיין „קאַוואַלערסקן״ טאַט, אַ הייטערע, אויסגע־רופן מיט אַ קוויטשל:

— איר הערט ר׳ מעיסקע, איך לאַד אייך איין אויף מאָרגן אָוונט אויף אַ נאַכטמאָל! ס׳וועלן אויך קומען מיינע צוויי סטעטיסע פריינדינס. איר וועט אייך אין אונדזער געזעלשאַפט ניט לאַנגווייליקן זיי קומען צו מיר, פון מאָל צו מאָל, ספּילן אין קאָרטן — וועט איר זיין אַ האַנט. קומט למען האַסעם אין אָוונט. אויסער די צוויי פרויען וועט זיך אויכעט געפינען אַ מאַנספּערסעין, אַזוי, אַז איר וועט זיך פילן אודאָבענע.



ווען זלאַטקע־רחל האָט פאַרגעשטעלט פאַר אירע פריינט דעם גאַסן־קערער מיט די ווערטער: „דאָס איז מעיסקע פלאָצקער! אַ גוטער פריינט מיינער״. האָבן אים ביידע פרויען און דער מאַנס־

פאַרשוין, באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַ בליק, ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט זאָגן מבינות אויף עפּעס אַ מעבלשטיק און זלאַטקע־רחל, ווי נישט געלייגט קיין אויפמערקזאַמקייט אויף זייערע אָפּמעסטנ־דיקע בליקן, האָט כסדר, אַרויסשטעלנדיק איר פולן בוזעם, זיך געדרייט אַ הין און אַהער און געפרעגט ביי די אַנווזנדיקע מיט אַ ברייטן שמייכל, וואָס האָט אָפּגעדעקט אירע צוויי פאָדערשטע גאָלדענע ציין: „נו, וואָס זאָגט איר צו מיין נייער פלאַטניצע?“.

נישט צופעליק, איז אויסגעקומען, אַז זלאַטקע־רחל איז געזעסן דעם גאַנצן אָוונט נעבן משה פלאָצקער און, אַז איינע פון די צוויי פרויען, וועמען ס׳איז נישט געגאַנגען אין די קאָרטן, האָט בעתן בייטן די שטול אויסגערופן „מסנה מקום — מסנה מזל“! — האָט זלאַטקע־רחל איר אונטערגעשטיצט מיט אַ „ריכטיק אַזוי! ריכטיק אַזוי!“, זיך געווענדעט צו משה פלאָצקער און געזאָגט: „מירן הערן וואָס מעיסקע זאָגט דערעיף?!

דער גאַסן־קערער, אַ זשענירטער אַ ביסל אין דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער געזעלשאַפט, האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— וואָס ווייס איך... — ס׳זעט אויס, אַז ס׳איז ריכטיק...



מיט אַ דריי וואָכן שפּעטער, האָט זיך פון דער מרפּסת פונעם הויכן פּאַרטער, געהערט אַ רופן פון אַ פרויען־שטים מיט אַ קוויטשל, אין דער גאַס אַריין: „מעיסקע!! מעיסקע!! אַכיי וואָלסטו איבערייסן די אַרבעט אויף עטלעכע מינוט און אַריינ־קומען!!“

אויף משה פלאָצקערס פראַגע: וואָס ווילסטו? זלאַטע!!! כהעאָ ניש! — איז געקומען אַ פוטער־ווייך לאַשטשנדיקער ענטפער מיט אַ קוויטשל:

— מעיסל קום סעין אַריין!! כ׳האָב דיר געמאַכט אַ פראַזניצע מיט צימערינג.

# מען מוז זיך פאַר ווענען אויסרעדן

דער דרויסן איז געווען אַ זוניקער. אַ קיל ווינטעלע האָט אָנגעגעבן געפּעכערט פאַרן פּנים. דער טאָג איז געווען אַן ערב־פּסחדיקער. די באַוועגונג אין גאַס פון פוסגייער און דער פּאַרקער פון מאַשינען, איז געווען אַ מער געדיכטער און מער אייליקער. מאַכנדיק מיין טעגלעכן שפּאַציר דורך דער שטאָט, בין איך אויך דאָסמאָל געגאַנגען מיט עטוואָס שנעלערע טריט. געווען איז דאָס דערפאַר וואָס כ׳האָב אויך געהאַט צו דערלעדיקן אַ געוויסן ענין אין אַ באַשטימטער שעה. כ׳האָב צוליב דעם געשפּאַנט צווישן די מענטשן אין גאַס אויף אַזאַ אופן, אַז קיינער זאָל אפילו אויף אַן אויגנבליק נישט שטערן מיר.

גייענדיק אַזוי מיט זיגזאַגן צווישן די פוסגייער, האָט מיר גראָד אויף אַ שמאָלן טראָטואַר פאַרשטעלט דעם וועג אַ פרוי אַרומגעהילט דעם קאָפּ מיט אַ שאַל. לויט איר גאַנג האָט זי געדאַרפט זיין אין די עלטערע יאָרן. כ׳האָב זיך באַמיט זי אויסמיידן, רוקנדיק זיך נענטער צו אַ מויער. נאָך איידער כ׳האָב עס באַוויזן צו טאָן, האָב איך דערהערט פאַר זיך אַ טיפן זיפץ מיט אַ צוגעבן: „אוי, רבונו של עולם! וואָס נאָך ווילסטו אַלץ אַרויפלייגן אויף מיינע שוואַכע פּלייצעס, אויף מיין צעבראָכענעם קאָפּ!... כ׳קאָן נישט מער! אַז איך קאָן שוין נישט!"... — האָט זי אויסגעשטרעקט פאַר זיך די הענט.

ווי קאָן מען עס הערן רופן פאַר זיך „ראַטעוועט" אָדער „ס׳ברענט" און אָן אויסצודרייען אפילו דעם קאָפּ, ווייטער גיין? האָב איך אין דעם מאָמענט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז כ׳האָב ערגעץ־

ווי צו זיין אין אַ באַשטימטער שעה און כ׳האָב מיטאַמאָל פאַרלאַנג־
זאַמט מיינע טריט און גענומען גיין הינטער דער פרוי מיט אַן
אָנגעשפּיצט געהער... ס׳איז מיר טאַקע דורך אין געדאַנק דער
געבאָט, אַז מען דאַרף נישט אונטערהערן הינטער יענעמס טיר, ווי
אויך דאָס פאָלקס־ווערטל „אַז מען האָרכט זיך איין הינטער יענעמס
וואַנט — הערט מען די אייגענע שאַנד״. אָבער, אַז אַ מענטש
טראָגט אַרויס זיין בראָך אויף דער גאַס, אונטערן פרייען הימל,
איז נישט בלויז וואָס מען מעג, נאָר מ׳דאַרף אונטערהערן און זיך
איינהערן... — האָב איך פאַרגעסן וועגן מיין ענין און געגאַנגען
הינטער אירע פוסטריט און זיך צוגעהערט ווי פונעם מויל פון
דער פרוי — האָבן אַרויסגערעדט אירע שווערע צרות:

„כ׳האָב איר געבעטן, געבלאַגעט: טאָכטערשי, פייגעלע, דאָס
האַרץ לאָזט מיך נישט... אַז ער געפעלט מיר נישט, ער איז נישט
פאַר דיר, מיין קינד. האָט זי זיך איינגעעקשנט און נישט געוואָלט
הערן מיינע רייד. ער האָט זי זייער ליב, — האָט זי זיך געהאַלטן
ביי אירס. אוי נאַריש קינד וואָס דו ביסט געווען... „זייער ליב...
זייער ליב... ליגסטו איצט מיין טאָכטער טיף אין גרוב און דער
הולטיי — ער זאָל צו קבר ישראל נישט קומען — איז ערגעץ
פאַרכאַפּט געוואָרן און איך, איך מוז איצט זיין אַ מאַמע צום אָרעמען
יתומל ער איז דאָך נעבעך אַ גאָלדן קינד. אינגאַנצן אויסן אויג —
דער זיידע. אוי מאַטעס... מאַטעס... האָסט נעבעך נישט דערלעבט
צו זען דיין ערשט אייניקל... כ׳האָב דיך געבעטן „יאָג נישט אַזוי,
פאַדע נישט אַזוי, אַז מ׳גייט פאַמעלעך — קומט מען ווייטער. די
קינדער וואַקסן אונטער, וועלן זיי אָנהייבן פאַרדינען״ — האָט זיין
האַרץ נישט אויסגעהאַלטן... כ׳האָב זיך געשטיצט אויף דוד׳לען,
יאָ אויף דוד׳לען... גאָלדענע הענט געהאַט און קלוג ווי דער טאָג. —
וואָס העלפט קלוג און וואָס העלפט שיין ?... אַז ס׳האָט מיך געטראָפן
אַ פינצטערע בראָך.. אַז אַ בלוטיק געוויטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט
איבערן לאַנד און אָנשטאָט צו פירן אים צו דער חופה אין חודש
חשון מיט ליבע־לאהס טאָכטער עטעלע — נעבעך אַ האַרציק

מיידל — האָב איך איר געפירט צום עולם האמת... מאַמע האָט ער מיך געטרייסט פאַרן אַרויסגיין פון שטוב — כ׳בין נישט איינער, ס׳עט לאַנג נישט דויערן, וועסט זען — די חתונה וועט פאַרקומען צום טערמין!". יאָ... רבונו של עולם! ס׳איז שוין איינמאָל געווען אַ חתונה... — איז וואַהין זאָל איך פריער גיין, גאָט אין הימל? צי זאָל איך פריער צוגיין צו שיינדלען אַהיימנעמען צו מיר ביידע קינדער, ביז זי וועט מיט דיין הילף איבערקומען די שווערע אָפּעראַציע, אָדער גאָר, פריער אַהיימגיין צום זון די קאַליקע, וואָס איז געבליבן אין שטוב מיטן אייניקל דעם יתומל, און מאַכן זיי אַביסל עסן? — אַז אַך און ווי צו אים און צו דער מאַמע... אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער! געקאָנט זיין אַ גאון — האָט זיך אים פאַרגלוסט אַראָפּשפּרינגען פונעם דעכל. — געזען אַז אַלע קינדער שפּרינגען, האָט ער נישט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק. אוי, וואָס דאָס קינד האָט זיך שוין אָנגעליטן אין די שפּיטעלער פון די אָפּעראַ־ציעס. איז וואָס וועט זיין מיט אים, רבונו של עולם? ר׳איז דאָך שוין ראוי לחופה. וואָס פאַרא סגאַל מיידל קאָן אַזאַ בחור נעמען? אַז דער קאָפּ ווערט מיר צעבראָכן! זיינע שיך זענען שוין צעפּאָרן און אַזאַ פּאָר אָרטאָפּעדישע שיך ווי ער דאַרף, קאָסטן דאָך היינט זיכער אַן אוצר מיט געלט... איך האָב געלט?... כ׳וועל שוין אפשר פריער אַרויפגיין צו שיינדלען אַהיימנעמען צו זיך ביידע קינדער. כ׳מוז נאָך אָבער אַריינגיין קויפן פאַר זיי אַביסל קערעלעך. קינדער ווייסן דאָך נישט פון דער באָבעס צרות"...

זיך פלוצעם אויסגעדרייט, און פאַרנומען זיך אַריינגיין אין אַ דערנעבנדיק קרעמל צו קויפן די קערעלעך, האָט די פרוי מיט אַ צעקנייטשט פנים, אָבער מיט נאָך יונגע אויגן — זיך איינגע־קוקט אין מיר מיט אַ פרעגנדיקן בליק. ס׳זעט אויס, אַז זי האָט זיך ערשט איצט געכאַפּט, אַז די לייכטע טריט, וואָס האָבן זיך געהערט הינטער איר אין דער שמאָלער, שטילער גאַס, האָבן זיך אָנגעהערט צו מיר. זי האָט אין דער פאַרלעגנהייט וואָס מיין פנים האָט אין דעם מאָמענט אויסגעדריקט — פאַרשטאַנען, אַז איך

פיל זיך ווי אַ געכאַפּטער ביי דער האַנט און, האָט אַרויסגעשטאַמלט צו מיר מיט אַ פלאַטער פון אַ ביטערן שמייכל אויף איר צעקניי־טשט פּנים:

זייט מיר מוחל אדון.. — מ׳מוז זיך דאָך, פאַר וועמען אויס־רעדן...

# טוביה'ס „פוקס"

די פאַנטאַזיע וועגן אַ „פוקס" האָט טוביהן אַ סך מאָל אונטער־געהאַלטן... און זי איז שוין אויך אַמאָל געוועןאפילו אַ ווירק־לעכקייט. געווען איז דאָס מיט עטלעכע חודשים צוריק, ס'איז אויך געווען אַזאַ שטיקנדיקער חמסין ווי היינט. דער טאָג איז שוין באַלד געווען אַריבער און טוביה האָט נאָך נישט געהאַט פאַרקויפט קיין איינציק שעכטעלע ראַזיר־מעסערלעך, קיין שפּיגעלע, קעמעלע, טואַלעט־זייף, נאָז־טיכל, אָדער סקאַרפּעטן. מיט איין וואָרט — נישט געלייזט קיין צעבראָכענע פּרוטה.

מיט אַ שווער האַרץ האָט זיך טוביה געשלעפּט אַהיים, פאַר־זונקען אין שווערע מחשבות און... פּלוצעם דערפילט ווי עס האָט אים ווער אַ לייכטן ריר־געטאָן ביים אַרבל. פאַר אים איז געשטאַנען אַ הויכער דיקער הער, מיט אַ גרויסן, רונדן, גלאַנציקן פּליך, מיט שווערע זון־ברילן און, מיט אַ פאָטאָ־אַפּאַראַטל פאַרוואָרפן מיטן רימען איבער דעם קאָליריקן העמד.

בליץ־שנעל האָט טוביה'ן אַ לויכט געטאָן אין מוח: — אַ „טוריסט"...

נישט פאַרלייגנדיק אים גאָרנישט, האָט ער געגעבן אַ רוק אונטער, אונטער זיין נאָז, דאָס גאַנצע קעסטעלע. דער טוריסט האָט זיך לאַנגזאַם, נישט איילנדיק, אויסגעקליבן פאַרשידענע זאַכן און צום סוף אַ פרעג־געטאָן טוביה'ן אין אַן אַמעריקאַנער יידיש:

— וואָס קומט אייך פון מיר, דזשענטלמען?

טוביה האָט אים, צי דערפאַר וואָס ער האָט נישט געקאָנט

אַזוי שנעל באַרעכענען, אָדער צוליב גרויס איבעראַשונג, „אָנגע־מאָסטן" אַ פּרייז.

דער טוריסט האָט זיך נישט געדונגען און אַוועקגייענדיק אים געוווּנטשן עס זאָל אים גיין אָל־רייט, ער זאָל קומען צו ביזנעס און זיך נישט דאַרפן מער פּלאָגן אין אַזאַ וועטער.

טוביה האָט מיט אַ גליקלעך, שיינענדיק פּנים דערציילט פאַר זיין הודעס׳ן די געשיכטע מיטן גרויסן „פּוקס" וואָס ער האָט היינט געהאַט, אַז נאָכן אונטערציען אַ חשבון האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז ער האָט ביים טוריסט „מיט איין קלאַפּ" פאַרדינט אַזוי־פיל, וויפל אַ טאָג לייזונג.

אַ „סוחר" טאָר ביזן לעצטן מאָמענט נישט פאַרלירן די האָפענונג, — האָט אים זיין הודעס אונטערגעמונטערט...



אַראָפּגעבויגן דעם גראָען קאָפּ צו דעם מיט היץ אָטעמדיקן טראָטואַר, ווי באַטראַכטנדיק די שפּיצן פון זיינע צעפּאָרענע שיך, האָט טוביה געשפּאַנט פּאָרויס, קוים שלעפּנדיק די פיס און נישט טראַכטנדיק וואוהין. די שלייפן האָבן אים געהאַמערט און פאַר זיינע וואַסערדיקע, האַלב פאַרלאָשענע אויגן האָבן זיך שנעל־שנעל געדרייט פאַרשידן־קאָליריקע רינגען...

ווי אַ טרענקענדיקער, וואָס זוכט אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן, האָט טוביה געריכטעט זיינע קוים געשטעלטע טריט צו די זייטן־געסלעך — אפשר וועט ער נאָך באַווייזן, צוקומען צו איינע פון זיי, און אין זייער גרעסערער שאָטנדיקייט געפינען אַ קיל ווינקעלע, וווּ ער וועט זיך קאָנען אַראָפּלאָזן אויף אַ שטיינערן טרעפּל אויף אָנצו־שפּאַרן זיינע מידע גלידער און צעהיצטן קאָפּ...



פּלוצעם האָט זיך דערנענטערט עפּעס אַ רעש צו טוביה׳ס אויערן און האַרט נעבן טראָטואַר, אַנטקעגן דעם שטיינערן טרעפּל אויף וועלכן ער איז געלעגן אויסגעצויגן, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אָן אַ פאַרמאַכטע געוועלב־טיר, האָט זיך אָפּגעשטעלט אַן אָפּענער לוקסוס־אויטאָ פון וועלכן עס האָט זיך געהערט אַ פריילעך, לוסטיק געפּילדער.

דורך זיינע וואַסערדיקע, האַלב־פאַרלאָשענע אויגן, האָט טוביה דערזען ווי דורך אַ נעפּל, אַ גרופּע עלעגאַנטע מענער און פרויען.

— מן הסתם טוריסטן! לויפט אים ווי אַ בליץ אַדורך דער געדאַנק, און זיין אָפּגעשוואַכט האַרץ נעמט ביז ווייטיק, פריידיק ציטערן...

אין דעם, האָט איינער פון די מענער, מיט עפּעס אַ זייער באַקאַנט פאַר טוביה׳ן, פּנים — אַ הויכער, דיקער הער מיט אַ גרויסן רונדן גלאַנציקן פליך, מיט אַ פּאָר שווערע זון־ברילן, זיך אָפּגעשטעלט, און אַרויסנעמענדיק זיין פאָטאָ־אַפּאַראַט פונעם פוטליאַר, וואָס ער האָט געטראָגן אָנגעהאָנגען מיט אַ רימען איבער זיין קאָליריק העמד, אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף טוביה׳ן, אויס־געשריגן:

— דזשענטלמען ענד לעידיס! — אָט האָבן מיר פאַר זיך אַן אינטערעסטינג פּיקטשער — אָבער מיטן באַדינג, אַז מיר וועלן אַלע אָפּקויפן פונעם אַלטן מאַן זיין גאַנץ קרעמל — קוקט נאָר ווי דער רימען פונעם קעסטל שניידט זיך אים איין אין זיין דאַרן האַלדז! מיר מוזן אינגאַנצן אויסליידיקן דאָס קעסטל, אַז דער רימען זאָל אים אויפהערן צו שניידן!

— און טוביה איז מיטאַמאָל געוואָרן אַרומגערינגלט פון דער עלעגאַנטער געזעלשאַפט און יעדער איינער האָט אָנגעהויבן שלעפּן פונעם אָנגעהאָנגענעם קעסטעלע און פונעם צעלעכערטן פאָרטפעל וואָס איז געלעגן נעבן אים — וואָס עס איז נאָר געקומען אונטער דער האַנט — ראַזיר־מאַשינקעס, סקאַרפּעטן, נאָז־טיכלעך, שיך־בענדלעך, קעמעלעך, — אַלץ, אַלץ...

אַ גליקלעכער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אויף טוביה׳ס פּנים. ער האָט געוואָלט זאָגן די פּרייזן, נאָר דאָס מויל האָט אים עפּעס נישט געדינט...

טוביה האָט געוואָלט אויסציען די האַנט נאָך דעם געלט וואָס זיי האָבן אים צוגעוואָרפן, — נאָר די האַנט נישט געקאָנט אויסציען. ער האָט אָבער געוווּסט אַז די הערן און דאַמען וועלן אים קיין עוולה נישט טאָן און — געפילט זיך גליקלעך...

פּלוצעם רופט זיך אָפּ דער הויכער דיקער הער מיטן רונדן גלאַנציקן פּליך און שרייענדיק העמדל, צו די אַרומיקע טוריסטן:

דזשענטלמען ענד לעידיס, אַז מען האָט שוין יאָ אָפּגעקויפט פונעם אַלטן מאַן זיין גאַנץ ביסל סחורה, ברויכן מיר זען, אַז דער מאַן וואָס איז שוין קרוב צו זיבעציק, זאָל זיך שוין נישט ברויכן מער מאַטערן — ער האָט שוין מיט עטלעכע יאָר צוריק געדאַרפט זיך אָפּרוען, און אָפּלעבן דאָס ביסל יאָרן, וואָס זענען אים נאָך געבליבן...

מיין פּאָרשלאַג איז — מיר נעמען אים גלייך מיט זיך, אין אונדזער פיינעם פּענסיאָן ביז ער וועט קומען צו זיך און שפּעטער גיבן מיר אים אַריין אין אַן ערשטראַנגיקן זקנים־הויז אויף אונדזער אויסהאַלט!

אין טוביה׳ס אויערן האָבן זיינע ווערטער אָפּגעקלונגען ווי אַ זיסע, צעגייענדיקע מוזיק... אַלע האָבן אַפּלאַדירט און ווי אַ סימן פון איינשטימיקייט — אויפגעהויבן זייער רעכטע האַנט אין דער הויך.

דער דיקער הער, מיטן גלאַנציקן פּליך און שווערע זון־ברילן האָט דאַן מיט אַ פלייטשיק שמייכעלע פון זיין רונד פול פּנים, זיך געווענדעט צו טוביה׳ן:

— זענט איר איינשטימיק, דזשענטלמען?

מיט אַ דאַנקבאַר פאַרנעפּלטן בליק, האָט טוביה געקוקט אויפן דיקן הער און קוים כוח געהאַט אַ באַוועג־צו־טאָן מיטן קאָפּ, אויף יאָ...

דער הער האָט געעפנט דאָס טירל פונעם לוקסוס־אויטאָ און מיט אַ טיפן, עלעגאַנטן פאַרנייג אַריינגעבעטן טוביה׳ן.

טוביה האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן אָבער זיינע גלידער האָבן זיך קיין באַוועג געטאָן — געווען פאַרשטייפט.

די עלעגאַנטע געזעלשאַפט האָט אים דאַן אַ הויב־געטאָן אין דער לופט און אַוועקזעצנדיק אים אין אויטאָ — זיך בליץ־שנעל מיט אים אָפּגעטראָגן.



דער אויטאָ האָט פון גרויס שנעלקייט זיך אָפּגעריסן מיט זיינע רעדער פונעם כביש און זיך גענומען הויבן אַלץ העכער, איבער מענטשן, און הייזער, ביז ער האָט כוואַליע־אַרטיק זיך געגור־מען גליטשן אויף און אָפּ, אונטער שוועבנדיקע וואָלקנס...

— — מיטאַמאָל האָט זיך טוביה געזען זיצן אין אַ ברייטע, פיינע אָנלען־שטול ביי אַ הערלעך־געדעקטן טיש אין אַ פּרעכטיקן גאָרטן, אַ גאָרטן — אַ גן־עדן...

די הערן און דאַמען האָבן אים גאַסטפריינטלעך געהאַלטן אין איין צורעדן ער זאָל טועם־זיין פון די גוטע זאַכן, וואָס זיי האָבן אים כסדר אונטערגערוקט.

טוביה האָט געפילט, אַז עס גייען אים אויס די כוחות, הויכט אויס די נשמה, און נישט קיין כוח געהאַט אויסצושטרעקן די האַנט, כדי אונטערצולענען דאָס האַרץ וואָס האָט געהאַלטן אָט־אָט ביים אָפּשטעלן זיך...

פון אַ פאַנטאַן, וואָס וואַסער־נימפעס האָבן מיט זייערע קעפּ ברייט־צעלאָזטע האָר, אונטערגעהאַלטן, האָבן פאַרשידנקאָלירי קע שטראָמעלעך געמאַכט גרויסע בויגנס אין דער לופט און ווי ווייך־קילע טראָפּנס געפאַלן אויף טוביה׳ס פנים און זיך געגליטשט צום לייב — דורכן קראַגן פונעם העמד...

ער האָט אָנגעהויבן פרייער אָפּצועטעמען, שוין גרייט געווען

אויסצושטרעקן די האַנט צו די גוטע זאַכן וואָס זענען פאַר אים אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן טיש. נאָר דאָ... האָט ער פּלוצעם דערזען שטיין פאַר זיך זיין ווייב, הודעס, וואָס קריצנדיק מיט די ציין פאַר כעס — האָט זי געשריגן צו אים — אַלטער נאַר, טויגעניכטס!
— אַנשטאָט אכטונג געבן אויפן ביסל סחורה, מען זאָל עס דיר נישט צעשלעפּן, האָסטו זיך באַזעצט ביי אַ געדעקטן טיש מיט שכורים און האַלב נאַקעטע פרויען, פאַרגעסן אַז דו האָסט געלאָזט אין שטוב אַן אַלט קראַנק ווייב אַן אַ גראָשן ביי דער נשמה... צו זעסטו נישט, דו שוטה איינער, אַז דאָס זענען לצים? גיב גוט אַ קוק וועסטו זען די קליינע הערנער אויף זייערע שטערנס, — האָט זי אים געגומען רייסן פאַרן אַרבל...



מיט אַנגסטן, פון שרעק, האָט זיך טוביה אויפגעכאַפּט.
ער איז געלעגן אַן אויסגעצויגענער נעבן אַ שטיינערן טרעפּל פון אַ געשלאָסענער קראָם, אַרומגערינגלט פון אַ קרענצל נייגעריקע מענטשן — און עפּעס אַ ווילד־פרעמדע פרוי האָט אויף אים פון אַ קוואָרט געשפּריצט מיט קאַלט וואַסער, ווען ס׳זענען אים גערונען פונעם נאַסן, צעקנייטשטן פנים, צום לייב צו, דורכן קאָלנער פון העמד און... די גרעסטע העלפט פון זיין סחורה איז צעשלעפּט געוואָרן פון גאַסן־יינגלעך...

# סוווענירס

מאַרקוס שפּאַרבער, דער פּקיד פון אַ גרויסער אונטערנעמונג אין לאַנד, האָט גלייך נאָכן אָנקומען קיין ישראל, אַ דאַנק זיין קונסט פון חניפה, פאַרצושטעלן זיך פאַר אַן אַקאַדעמיקער, און מיטן אָפטן באַנוצן זיך מיט: „ביטע שעין", „דאַנקע שעין", „גנעדיקער הער" „גנעדיקע פרוילייך" — גאַנץ שנעל זיך אַריינ־באַקומען אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג, און באַלד נאָכן באַקומען דעם ערשטן חודשלעכן געהאַלט — באַשלאָסן אָנהייבן צו שפּאָרן. זיין באַשלוס צו שפּאָרן, איז נישט געווען אויף איינצושאַפן זיך אַ בעסערע דירה, אָדער לאָזן די קינדער לערנען, צו גאָר אפילו אויף קויפן אַן אויטאָ — נאָר פּשוט שפּאָרן, ווי זיין טאַטע האָט עס געטאָן אַלע יאָרן. דאָס הייסט, צוגעטיילט דער מאַמען דעם גראָשן און... געזאַמלט גאָלדשטיקלעך. אָבער נישט סתם גאָלד־שטיקלעך, נאָר אַזעלכע, וואָס מ׳רופט זיי „סוווענירס". געווען זענען עס, ענגעלישע אָנדענק־מטבעות פון גאָלד, וואָס האָבן מיט דער צייט, צוליב נישט אָפּקלאַפּן קיין נייע — געהאַט די אויסזיכט, כסדר צו שטייגן אין פּרייז... וויפל דער טאַטע האָט שוין באַוויזן אָנצוזאַמלען אַזעלכע גאָלז׳שטיקלעך און, ווו ער האָט זיי באַהאַלטן — דאָס האָט נישט ער, און נישט די מאַמע געוווסט. מאַרקוס שפּאַרבער האָט אָבער געגלויבט, אַז ווען נישט די צווייטע וועלט־מלחמה — איז ווער ווייסט, וויפל שטיקלעך דער טאַטע, וואָלט שוין ביז היינט געהאַט אָנגעזאַמלט.

היות מאַרקוס שפּאַרבער איז געווען זיכער, אַז אַזאַ וועלט־מלחמה, וועט שוין מער נישט קומען — האָט ער באַשלאָסן נאָכטאָן

דעם טאַטן. אַזוי ווי, אין כלל גענומען, שטייגן די קינדער איבער זייערע עלטערן, האָט אויך ער, מאַרקוס שפּאַרבער גענומען זיך צו דעם, מיט אַ קראַנקהאַפּטן אייפער. אַזוי ווייט קראַנקהאַפּט, אַז ס'זענען פאַר אים כשר געווען אַלע וועגן — כדי צו דערווערבן וואָס מער אַזעלכע גאָלדשטיקלעך. זיין ערשטער שריט, איז וואָס אַן אמת געווען, דאָס איינפירן אין זיין שטוב — ווי זיין טאַטע האָט עס אַמאָל געטאָן — אַ שטרענגן ווירטשאַפט־רעזשים. אָנגעהויבן פון דעם, וואָס ער האָט פאַר זיין פרוי אויסגעשריבן, אויף אַ פּאַפּיר, אַ לאַנגע רשימה, פון די ביליקסטע שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס לויט דער אָפּשאַצונג פון וויסנשאַפטלער אויף דעם געביט — פאַרמאָגן זיי אַ גענוג גרויסע נאַרונגס־ווערט. אינדרויסן, אין גאַס, האָט ער אָנגעהויבן אָפּשאַצן די מענטשן, מיט דער מאָס, וויפל „סוווענירס", ער קאָן פון זיי האָבן... דעם נאָמען „סוווענירס" האָט אויף אַזוי ווייט זיך איינגענעסטיקט אין זיין קאָפּ, אַז ער האָט שוין באַלד גענומען פאַרגעסן דעם ווערט פון דער ליריה... כמעט טאָג־טעגלעך האָט ער קאָנטראָלירט די טאַבעלע פון דער בערזע.

דער קראַנקהאַפּטער פאַרלאַנג פון מאַרקוס שפּאַרבער, צו דערווערבן וואָס מער פון אָט די גאָלדשטיקלעך, איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז אַפילו אין דער באַציאונג צו נאָענטע פאַמיליע־מענטשן האָט ער גענומען אָפּשאַצן מיט דער מאָס, אויף וויפל ער קאָן פון זיי אַרויס־באַקומען פאַר זיין נישט געזעטיקטער מאַניע. אַזוי איז אויך געווען אין דער באַציאונג צו דער אַלטער שוויגער, וואָס האָט געוווינט ביי אים אין אַ קליין אַלקערל, פאַר וועלכן זי האָט אים געצאָלט פאַר יעדן צענטימעטער און נישט אָנגערירט זיינס, אין דער ווערט פון אַ גראָשן. ער האָט נישט איינמאָל, אין אַ שמועס מיט זיין פרוי, פּרובירט אויף אַ ראַפינירטן אויפן אַרויס־באַקומען פון איר אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם, ווי גרויס עס קאָן זיין איר מאַמעס, ערגעץ־ווו פאַרבאָרגן „קניפּל" און דערביי, אין געדאַנק — פּרובירט אָפּשאַצן, ווי לאַנג די אַלטע קאָן נאָך „אָנ־

האַלטן״. דאָס אַלץ איז געווען געבונדן מיט דער כסדרדיקער וויזיע וועגן רונדע, גלאַנציקע „סוווענירס״, וואָס ער וואָלט געקאָנט דערביי צולייגן צו זיין געהיימער באַהעלטעניש.

נישט לייכט איז מאַרקוסן אָנגעקומען דאָס ירשענען זיין אייגענער לייבלעכער שוועסטער, אַ מיידל אין עלטער פון זעכציק יאָר, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן שווער געהאָרעוועט, געשפּאָרט — כדי זי זאָל מיט גאָטס הילף, ווען די גוטע שעה וועט קומען — זיין מיט אַ מאַן צווישן אייגענע פיר ווענט...

אַז די דאָזיקע שוועסטער האָט זיך אַוועקגעלייגט שווער קראַנק, האָט מאַרקוס שפּאַרבער, בעת אַ באַזוך ביי איר, אָפּגעשאַצט מיט זיין שאַרפן בליק, אַז זי וועט נישט „צוציען״ ביז צו אָוונט און טעלעפאָניש מודיע געווען אויף זיין אַרבעט־פּלאַץ, אַז ער וועט מאָרגן נישט קומען ווייל... ער וועט וואַרשיינלעך דאַרפן באַגלייטן זיין שוועסטער צו איר אייביקער רו...

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז זיין דיאַגנאָז איז געווען נישט קיין ריכטיקער — זי איז ערשט געשטאָרבן מיט דריי יאָר שפּעטער און ערשט דעמאָלט — מיט דריי יאָר שפּעטער ווי ער האָט געמיינט — איז איר ביטער אויסגעהאָרעוועט האָבן־און־גוטס, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאָלדענע סוווענירס...



געשען איז עס, ווען ער האָט צוזאַמען מיט דער פרוי זיינער, באַגלייט די שוויגער צו איר אייביקער רו. צוריקגעקומען פון בית הקברות — האָבן זיי דערזען די טיר פון דער וווינונג שטיין אָפן און, אין מאַרקוס שפּאַרבערס געהיימער באַהעלטעניש — האָט זיך נישט געפונען קיין איינציקער גאָלדענער „סוווענער״.



דריי טעג האָט מאַרקוס שפּאַרבער נישט געוויזן זיך ביי דער אַרבעט. נאָך אַ גאַנץ לאַנגער צייט ווי ער פלעגט פרישטיקן ביחידות הינטערן גלאָזטן ווענטל אין זיין אַרבעט־צימערל און, קאָנסומירט ברויט מיט רעטאַך, אָדער מיט באָקסער, וואָס איז געוואַקסן נישט ווייט פון זיין וווינונג — האָט ער אויפן פערטן טאָג — צום ערשטן מאָל זיך באַוויזן אין גרויסן עסצימער פון דער אונטערנעמונג און זיך אַוועקגעזעצט עסן אַ לייטיש מאָלצייט...

# דאָס פּאָלק

אין אַ געוויסער הויפּטשטאָט פון אַ געוויסער מדינה, אין סאַמער מיטן רחבות׳דיקן פּלאַץ אין פראָנט פון אַ פּראַכטפולער פּאַרלאַמענט־געביידע וואָס פון איר הייך האָבן אַראָפּגעלויכטן מיט גרויסע, גאָלדענע אותיות, די דריי ווערטער — „אַלץ פאַרן פאָלק״ — איז אויף אַ פּלאַטפאָרם צו וועלכער ס׳האָבן אַרויפגעפירט טרעפּ — געשטאַנען אַ שוואַרצע גיליאָטינע. נעבן איר, האָבן זיך אויף דער פּלאַטפאָרם געפונען דער תליון, דער מדינה־פּראָ־קוראָר, אַ דאָקטאָר, אַ גייסטלעכער, און אַנדערע וויכטיקע דיג־ניטאָרן. הינטער די אַלע, האָבן אויף דער פלאַך פונעם גרויסן פּלאַץ, זיך אַרומגעדרייט באַוואָפנטע וואַכן און הינטער די וועכטער, אויף אַן אָפּגעצוימטן און געהעריקן דיסטאַנס — האָט זיך געפונען דאָס פאָלק, וואָס מען האָט דאָ אַהערגעבראַכט.

אַז מען האָט אַרויפגעפירט די פאָלקס־פאַרעטער אויף דער פּלאַטפאָרם, און נאָך אַ קורצן צערמאָניאַל — איינעם נאָכן אַנדערן צוגעפירט צו דער גיליאָטינע — האָט יעדעס מאָל, פאַר פרייד, וואָס די גערעכטיקייט האָט באַקומען איר תיקון — דאָס פאָלק פאַרטויבט דעם רחבות׳דיקן פּלאַץ מיט אַ מעכטיקן „הורא״ און הילכיק פאַטשעריי פון אַפּלאָדיסמענטן. נאָר פּלוצעם — נאָך דעם ווי מען האָט עקזעקוטירט דעם לעצטן פאָלקס־פאַרעטער — איז געשען עפּעס אומגעריכטס: ווי פון אונטער דער ערד־אַרויס, האָבן זיך באַוויזן באַוואָפנטע מענטשן און, נאָך אַן אַנטשיידענעם, זיגרייכן קאַמף צווישן זיך, זענען די וואָס־נאָר איבערגעגעבענע היטער פון געזעץ, געשטעלט געוואָרן אין דער

רייע — גילאָטינירט צו ווערן... און יעדעס מאָל, וואָס די גערעכ־
טיקייט האָט באַקומען איר תיקון — האָט דאָס פאָלק ווידער פאַר־
טויבט דעם אַרום, מיט איר מעכטיקן „הוראַ" און שטורמיש
פאַטשערייי פון אפּלאַדיסמענטן...

# דער פאַרברעכער...

אין אַ נייער שטאָט פון איינעם אַ לאַנד, האָט איינער זיך אַרויפבאַקומען אויפן העכסטן טורעם־שפּיץ פון אַ געבעטהויז, און פון אויבן־אַראָפּ געמאָלדן בקול רעם, אַז היות די שטאָט לאָזט אים, מיט זיין ווייב און קינדער, אויסגיין פון הונגער און אַלע זיינע בקשות צום שטאָט־עלטסטן האָבן ביז איצט אָנגעטראָפן אויף אַ טויבער וואַנט — וועט ער פּינקטלעך צוועלף אַ זייגער ביי טאָג זיך אַראָפּוואַרפן פונעם טורעם.

איז אין שטאָט געוואָרן אַ גרויסער רעש און גערודער און די שטאָט־טאַטעס האָבן אייליק גערופן אַן אַסיפה, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן: מיט דער הילף פון די פייערלעשער — אַרונטערנעמען דעם אויף זעלבסטמאָרד גרייטן מענטש.

האָבן אָבער די באַדינער פונעם געבעטהויז געוואָרנט, אַז זיי האָבן אַליין געהערט פונעם מענטש אויבן, אַז טאָמער וועט מען אים וועלן אַרונטערנעמען מיט כוח — האָט ער מיט זיך עפּעס אַזוינס פון וואָס דאָס געבעטהויז קאָן חלילה אַוועק מיטן פייער.

בלית ברירה, האָט דער שטאָט־עלטסטער בכבודו ובעצמו זיך אַליין מטריח־געווען צום געבעטהויז און, דורך אַ מיקראָפאָן — אים פייערלעך צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט אַראָפּגיין, וועט מען אויפן צווייטן טאָג באַהאַנדלען זיין ענין...

האָט אָבער דער פאַרעקשנטער אויף זעלבסטמאָרד, נישט געוואָלט מער פון גאָרנישט הערן. „שוין גענוג האָט איר מיך געשפּייזט מיט מאָרגנס!" — האָט ער אַראָפּגעשריגן. „זייט וויסן,

אַז מיטן מאָמענט ווען די זון וועט שטיין איבער מיין קאָפּ —
וועט עס געשען!"

איז דער טומל אין שטאָט געוואָרן נאָך גרעסער. מענטשן
האָבן מיט גרויס נייגער גענומען קוקן אויף די ווייזערס פון
זייערע זייגערס און שטראָמענווייז געגאַנגען צו די אַריינגאַנג־
טויערן פון דער הויכער מויער, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס
געבעטהויז.

האָבן אָבער די באַדינער וואָס האָבן געוואַכט ביי די אייזערנע
טויערן — קיינעם דורך זיי נישט דורכגעלאָזט.

האָבן מענטשן מיט שכל גענומען עפענען די טייסטערס...
און, אַז ס'האָבן זיך געעפנט די טייסטערס, — האָבן זיך אויך
געעפנט די טויערן און איינגעשלונגען טויזנטער בירגער.

אַז ס'איז דערגאַנגען צו פינף מינוט פאַר צוועלף האָט די
מענטשן־מאַסע, ווי אָפּגערעדט צווישן זיך אינסטינקטיוו גענומען
פריי מאַכן אַ שטיקל פלאַץ פאַר דעם וואָס דאַרף זיך אַרונטער־
וואַרפן פונעם טורעמשפיץ...

אין דער אָנגעצויגענער, געשפּאַנטער שטילקייט פון דער־
וואַרטונג האָט מיט אַ מאָל פון אויבן־אַראָפּ צו די פּאַרריסענע קעפּ
און אויפגעשפּיצטע אויערן זיך דערטראָגן אַ קול פונעם טורעם:

— זייער חשובע בירגער! היות פון די אַריינגעפלאָסענע
געלטער פאַרן איינטריט אויפן אָפּגעצוימטן פלאַץ פונעם געבעט־
הויז, קאָן מען פירן אַ רויק, אָנשטענדיק לעבן מיט ווייב און
קינדער — האָט קיין זין נישט אויסצופירן מיין באַשלוס!...

דערהערט די רייד, האָט זיך אין דער לופט אַ הויב־געטאָן
אַ ים צעפּאָכעטע, געביילטע פויסטן און אַ ווילד צאָרנדיק שרייען:

— לינטשן!! לינטשן דעם פאַרברעכער און שווינדלער!!
לינטשן!!!

# דער ריכטער און דאָס גאַסן־מיידל

ס'איז געווען אַ פינצטערע, שפּעטע נאַכט־שעה. זיך פאַרזעסן ביי אַן אַלטן גוטן פריינד, איז דעם ריכטער ג.ב. אויסגעקומען בעתן אַהיימפאָרן מיט זיין מאַשין, דורכצופאָרן אויף זיין וועג אַהיים, דורך אַ שמאָל און שוואַך־באַלויכטן באַרגיק געסל, מיט נידעריקע אַלטע הייזער. פּלוצעם איז די אומהיימלעכע שטילקייט, צעריסן געוואָרן פון אַ יאָמערלעך געוויין פון אַ יונגער פרויען שטים, וואָס האָט געמישט מיט ביטערן פּראָטעסט און קללות — זיך צעטראָגן אין אַרומיקן חלל:

אַזאַ נאַכאַל!! אַזאַ אויסוואורף!! נישט גענוג וואָס ער האָט מיר נישט באַצאָלט, האָט ער מיך אויך, דער מערדער, געשלאָגן — האָט דאָס מיידל אָנגעוויזן מיט דער האַנט אינדערוויַיט, אויף אַ סילועט פון אַ מאַן, וואָס האָט זיך שנעל דערווייטערט גאַס־אַראָפּ. דאָ און דאָרט האָט זיך אין דער נאַכט אַריין געעפנט אַ פענצטער, אַ לאָדן. עמעצער האָט אַרויסגעלאַכט און אַריינגעשריגן צו אַ שכן איבער דער צווייטער זייט פונעם געסל: דאָס איז דאָך די נייע, די „גרינע" און, הינטער אַ געעפנטן לאָדן, האָט ווער אַרויס־געקוקט אינדרויסן און אַריינגערעדט אין שטוב: הערסט מאָטע, ווען „ער" וואָלט געווען דערביי — וואָלט זיך דאָ בלוט געגאָסן!

צוגעפאָרן מיט דער מאַשין צום הויך־כליפּענדיקן מיידל, האָט דער ריכטער ג .ב. זיך אָפּגעשטעלט און איינגעקוקט זיך אַ ווײַלע ביים ליכט פון די רעפלעקטאָרן, אין איר פאַרוויינט יונג פּנים — זי רואיק געפרעגט:

— זאָג מיר, צי מוזטו טאַקע גיין „אין דעם וועג" און, אַרויפ־

ציען אויף זיך פאַראַכטונג פון מענטשן, און פאַרפאָלגונג פון דער פאָליציי? — אין דער צייט, ווען מיידלעך אין דיין עלטער גייען נאָך אין שול אָדער אַרבעטן, פאַרדינען און ווערן מיט דער צייט זעלבשטענדיקע מענטשן.

דאָס יונגע מיידל מיטן כמעט נאָך קינדישן פּנים — האָט מיט אומפריינטלעכע, פאַרוויינטע אויגן געקוקט אויפן פרעמדן מאָדנעם מענטש, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן איר מיט דער מאַשין, בכדי צו פרעדיקן פאַר איר מאָראַל — באַנוצנדיק זיך מיט ווער־טער, וואָס זי האָט שוין אַפילו באַוויזן צו הערן פון יונגע געסט — „אינטעליגענטן".

וויפל האָט „יענער" דיר געדאַרפט באַצאָלן? — האָט דער ריכטער — איינקוקנדיק זיך אין איר יונג פּנים — אומגעריכט זי אַ פרעג־געטאָן.

נישט פאַרשטאַנען צוליב וואָס דער פרעמדער מאַן פרעגט עס ביי איר — האָט זי אויף אים אַנגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן און אַרויסגעשטאַמלט:

— כ'וויל נישט אומזיסט: — כ'בין נישט קיין בעטלערקע!

אין דעם מאָמענט האָט זיך צו אירע אויערן דערטראָגן אַ שטרענג און באַפעלעריש קול: טראָג זיך שוין אָפּ פון דאַנען! זאָל מער דאָ דיין געביין נישט זיין! ווייס, אַז כ'בין אַ ריכטער! און ווען אַזעלכע ווי דו פאַלן אַריין אין מיינע הענט — בין איך צו זיי זייער שטרענג!

אויפן וועג אַהיים, איז דער ריכטער ג. ב. געזעסן ביים רודער אַ שטאַרק פאַרטראַכטער. געטראַכט וועגן דעם, אַז „יענע" דאָרט, אויסער דעם וואָס זי זעט אויס צו זיין אין עלטער פון זיין יונגע און איינציקע טאָכטער, איז זי אויך זייער ענלעך צו איר. געטראַכט, אַז „יענע" דאָרט באַשעפטיקט זיך נישט פון לאַנג מיט דעם... ווען נישט וואָלט זי זיכער נישט אַזוי שטאַרק געוויינט אויף דעם, וואָס דער ברוטאַלער גאַסט האָט געטאָן.

צוליב איר גרויסער ענלעכקייט צו זיין איינציקער טאָכטער —

האָט ער נישט געקאָנט אַזוי שנעל פאַרגעסן דעם דאָזיקן פאַל.

אין אַ צייט אַרום, אין אַן אָוונט — האָבן אויף דער איינ־לאַדונג פונעם ריכטער ג. ב. זיך געפונען אין זיין הויז עטלעכע פון זיינע נאָענטע פריינט, מענטשן פון געריכט־וועזן. בעת מען איז אינעם אַלגעמיינעם שמועס אַרום טיש אַרויפגעקומען אויף דער טעמע „דאָס געדרוקטע געזעץ און דער געפיל" — האָט דער ריכטער ג. ב. ווי אַ באַווייז וועגן זיין ריכטיקער מיינונג — דערציילט פאַר די געסט וועגן דעם פאַל מיטן יונגן גאַסן־מיידל אין יענער שפעטער האַלבער נאַכט, אויף זיין וועג צו זיך אַהיים, געזען אַז זיינע קאָלעגן באַציען זיך סקעפּטיש צו זיינע אַרגומענטן — האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן זיי אַ סורפּריז.

נאָך דעם ווי אַ יונג און שיין מיידל אין אַ ווייסער שירץ און הייבל האָט אויף אַ טישל, מיט רעדלעך אַריינגעבראַכט כיבוד און שטיל אַרויס — האָט ער צו זיינע קאָלעגן מיט אַ טאָן פון אַ זיגער געזאָגט: איר האָט געזען דאָס דאָזיקע יונגע מיידל, האַ?

— דאָס איז עס די, וועגן וועמען, כ'האָב אייך אָט דאָ, פריער דערציילט!

ווען דאָס מיידל האָט זיך ווידער באַוויזן, ברענגענדיק מיט זיך טיי — האָבן די געסט, אַלע ווי איינער געקוקט אויף איר מיט דורכדרינגענדיקע בליקן... פון וואָס איר פּנים האָט פון גרויס פאַרלוירנקייט גענומען זיך שטאַרק רויטלען. זי האָט אייליק אַוועק־געשטעלט די טיי און אָן אַ בליק צו־טאָן אויף וועמען — שנעל פאַרלאָזט דאָס גאַסט־צימער.

נאָכן דאָזיקן אָוונט — האָט דעם מיידלס פּוס, מער נישט איבערגעטראָטן די שוועל פונעם ריכטער ג. ב.

# אַ קאָפּ

עטלעכע טעג דורכאַנאַנד האָט דער סקולפּטאָר ש.ל. אַרומגעזוכט איבער דער שטאָט, צווישן דער גרויסער צאָל בעטלערס, אַ טיפּ וואָס זאָל אים דינען פאַר אַ מאָדעל אויף דער טעמע „הילפלאָזיקייט”. דאָס איז געווען געבונדן מיט אַ גרויסן קאָנקורס־פּרייז פאַר סקולפּטאָרן. דער הויכער געלט־פּרייז און דער גרויסער כבוד פון אַלגעמיינער אָנערקענונג, האָט — ווי יעדן איינעם פון די צום קאָנקורס גרייטע קאַנדידאַטן — געלאָקט דעם יונגן סקולפּטאָר.

אַרויס אין גאַס, אויסצוגעפינען דעם געהעריקן, אים נייטיקן טיפּ, איז ער געניינגט געווען צו גלייבן, אַז ס'איז בלויז גענוג אָנצוטרעפן ד'עם ערשטן בעסטן גאַסן־בעטלער, אים מיטנעמען מיט זיך אין זיין אַטעליע, וועט ער אים זיין אַ מאָדעל. ווייל ווו דען — האָט ער געטראַכט — אויב נישט צווישן בעטלער...

נאָך אייניקע טעג פון אַרומזוכן און איינקוקן זיך אין גאַס און נעבן די מערק, אין די פּנימער פון דער גרויסער צאָל בעטלערס, וואָס די שטאָט פאַרמאָגט, האָט דער סקולפּטאָר, צו זיין גרויס שטוינונג איינגעזען, אַז קיין איינער פון די דורך אים באַגעגנטע בעטלערס, פאַרמאָגט נישט אין זיין פּנים דעם אים נייטיקן אויסדרוק, וואָס זאָל באַרעכטיקן זיין אויסוואַל. איז ער נאָך אַן אַרומשפּאַנען עטלעכע טעג, געקומען צום אויספיר, אַז די אַרויפגעצוווּנגענע אויף זיך אויסדרוקן פון הילפלאָזיקייט, כדי ווייך צו מאַכן די הערצער פון די פאַרבייגייער, איז ווייט נישט גענוג איבערצייגנדיק, און אַז בכלל מוז נישט דער אים נייטיקער פּנים־אויסדרוק, געהערן דווקא צו אַ גאַסן־בעטלער. אָבער ווו געפינט

מען אַזעלכן, וואָס זאָל מיט זיך פֿאַרקערפּערן דאָס, וואָס ער זוכט?

ש. ל. האָט לסוף אין איינעם אַ טאָג אָנגעטראָפֿן גיין אין גאַס אַן אָפּגעשליסענעם מיטליאָריקן מאַן, מיטן אידעאַלן געזיכט־אויסדרוק אין וועלכן ער האָט זיך געניטיקט. אָבער דערציילנדיק דעם אָרעמען מאַן אויפֿן וועג, ווי גוט ער וועט ביי אים פֿאַרדינען ביז ער וועט ענדיקן זיין פֿאַרגענומענע אַרבעט — האָט עס אויפֿן לעצטן אַזוי גוט געווירקט, אַז אַריינקומענדיק אין דער אַטעליע, האָט דאָס פּנים פֿונעם אָרעמאַן געשיינט פֿון גליק... האָט ער אים געגעבן אַ געהעריקע אַנטשעדיקונג און אים געהייסן גיין...

אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, שפּאַנענדיק איבער דער שטאָט אַ פֿאַרדאגהטער וועגן דעם, וואָס ער האָט ביז איצט נישט געקאָנט אויסגעפֿינען דעם מאָדעל פֿאַרן קאָנקורס, איז ער אין זיין פֿאַר־טראַכטקייט פֿאַרקראָכן צום ווייטן און שטילן רייכן קוואַרטאַל, ווו פֿון ביידע זייטן פֿון אַ ברייט ציכטיק־געהאַלטענער אַלעע, מיט שאָטן־ביימער — האָבן זיך הינטער זיי געוויסלט ווילעאַרטיקע הייזקעס אין מאָדערנסטן סטיל.

אַ פֿאַרגאַפּטער פֿון דער אַרומיקער שיינקייט האָט ער נישט ווייט פֿון זיך דערזען אַ באַנק. צוגייענדיק — האָט ער דערזען ליגן אויף אים עפּעס אַ קעגנשטאַנד און דערנעבן שטייט אַ קינדער־וועגעלע, אַ ברייטס ווי פֿאַר אַ צווילינג. אויף דער באַנק איז אויך געלעגן אַ געבלימלטער צוגעמאַכטער זון־שירעם, אַ דאַמענטאַש, און אינעם ברייטן קינדער־וועגעלע עפּעס ווי אַ שלעכט איינגע־פּאַקט פּעקל. ס׳האָט אים אויסגעזען, ווי ס׳וואָלט דאָ אַ פֿרוי אַוועק אויף אַ ווײַלע.

זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק אַ ביסל אָפּרוען און פֿאַר־איינוועגס זען, ווער איז דאָס די פֿרוי וואָס האָט געלאָזט דאָ אויף הפקר דעם דאַמענטאַש מיטן שירעם, ווי אויך דאָס פּעקל אינעם וועגעלע, איז דעם סקולפּטאָר באַפֿאַלן אַ געדאַנק, אַז ער וואָלט אפֿשר געדאַרפֿט זיך אָפּטראָגן פֿון דאַנען. וואָרום ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז ס׳איז דאָ פֿאַרגעקומען אַ גנבה אָדער עפּעס ענלעכס און אויב ס׳וועט אפֿילו נישט זיין קיין פֿאַרדאַכט אויף אים, וויל

ער זיך אויך נישט פאַרפלאָנטערן אין אַן עסק פון זיין אַן עדות...
ער האָט זיך אויפגעשטעלט אַוועקצוגיין, זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן און — ...

פלוצעם האָט צו זיינע אויערן זיך דערטראָגן אַ גרעבלעכע, לופּטלאָזע שטים, וואָס איז געקומען פונעם צעקנאָדערטן פּעקל וואָס אינעם ברייטן קינדער־וועגעלע:

— זאָרגט נישט יונגער מאַן! דאָ נעמט מען גאָרנישט צו... איר קאָנט רויִק אַוועקגיין און, אויב ס'איז אייך ליב — בלייבן זיצן.

דער סקולפּטאָר האָט אַ ציטער־געטאָן מיטן גאַנצן גוף, פאַמע־לעך אויסגעצויגן פאָרויס דעם האַלדז און מיט אַ מאָדנער אומ־רויִקייט אַריינגעבליקט אין וועגעלע, ווו ס'האָט זיך געפונען דאָס פּעקל...

פאַר זיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אומגעוויינלעך גרויליק בילד.

אַ נאָרמאַל־גרויסער קאָפּ פון אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ צעדרייטן צעקנאָדערטן גוף און געלענקען, וואָס קיין שום מענטשלעכע פאַנטאַזיע, קאָן זיך נישט פאָרשטעלן אַזאַ פאַרקליפּ־לונג פון גאָטס אויסדערוויילטער יצירה.

איינגעקוקט זיך מיט ציטער, אינעם געזיכט פונעם נאָרמאַל־גרויסן מענטשלעכן קאָפּ, איז דער סקולפּטאָר אַזש אויפגעשפּרונגען פון אָרט פון שטוינונג און איבערראַשונג: ער האָט דאָך אַפילו אין חלום נישט אָפּגעפונען אַזאַ פּערפעקטן מאָדעל, וואָס זאָל אַזוי איבערצייגנדיק פאַרקערפּערן דעם אויסדרוק פון הילפלאָזיקייט.

די גראָבע לופּטלאָזע שטים פונעם קאָפּ מיט די רונדע, גרויסע מאַטע אויגן, האָבן אַרויסגעריסן דעם סקולפּטאָר פון זיין פאַר־טראַכטקייט:

— איר זענט נישט קיין דאָאיקער, ווייזט אויס, נישט פון דער געגנט — האָט דער קאָפּ אַ זאָג געטאָן. — און איך געפין זיך דאָ, אויף אָט דעם אָרט, יעדן פאַרנאַכט. שוין איבער דרייסיק יאָר אַזוי, קאָן איך דאָ יעדן איינעם, אַפילו יעדן הונט. איז וואָס טוט

— איר דאַ יונגער מענטש ? און מיט וואָס באַשעפטיקט איר זיך ?

דער סקולפּטאָר האָט נישט באַוויזן גלייך צו ענטפערן, ווי עס האָט זיך באַוויזן אַ יונגע פרוי, אין קליידונג פון אַ קראַנקן־שוועסטער. זי איז אַרויסגעקומען פון דער נאָענטסטער צוויי־שטאָקיקער געביידע און צוגעקומען צום ברייטן קינדער־וועגעלע. זי האָט אַריינגעפירט דאָס העלדזל פון אַ פלעשל מיט עפּעס אַ פליסיקייט צווישן די ליפּן פונעם קאָפּ און, בעתן אָנטרינקען אים, באַטראַכט מיט גרויס נייגער דעם סקולפּטאָר. פאַרענדיקט, האָט זי גענומען מיט זיך דעם זון־שירעם מיטן טאַש פון דער באַנק, און געאיילט צו דער געביידע פון וואַנען זי איז אַרויסגעקומען.

דערפילט אויף זיך דעם אָפּוואַרטנדיקן בליק פונעם קאָפּ, האָט דער סקולפּטאָר קורץ געענטפערט, אַז ער איז זיך נוהג צו מאַכן פון צייט צו צייט אַ לענגערן פוס־שפּאַציר איבער פאַרשידענע שטאָט־טיילן און, אַז ער איז אַ סקולפּטאָר.

— באַפרידיקט אייך אייער באַשעפטיקונג אויך מאַטעריעל ?

— נישט גלייך אויף גלייך...

דער סקולפּטאָר האָט אים דרך אגב דערציילט וועגן דעם גרויסן קאָנקורס־פּרייז, וואָס דאַרף ווערן צוגעטיילט, און וועגן דעם גרויסן כבוד וואָס איז דערמיט פאַרבונדן, און דאָס אַלץ, פאַר אַן אַרבעט אויף אַ טעמע, צו וועלכער ער וואָלט געדאַרפט האָבן אַ מאָדעל, מיט אַזאַ פּנים ווי זיינס...

דער קאָפּ האָט אויף אַ ווײַלע אַרויפגעצויגן אויף זיך אַן אויסדרוק פון פאַרוווּנדערונג און, געפרעגט :

— איז אין וואָס גייט עס אייך מער, צי אין דער גרויסער געלט־פּרעמיע וואָס וואָלט אייך מעגלעך זייער צונוץ־געקומען — אָדער אינעם דערגרייכן דעם כבוד, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן ?

— אינעם דערגרייכן די שאַפונג, וואָס די באַלוינונג פאַר איר איז געבונדן מיטביידן... — האָט דער סקולפּטאָר געענטפערט.

— אויב אַזוי... — האָט דער קאָפּ אויפגעהויבן זיינע גרויסע מאַטע אויגן צום סקולפּטאָר — בין איך אייך גרייט צו דינען מיט

מיין פנים, וואָס איז מיר פאַרבליבן פון מיין גאַנצן „איך״... זאָל כאָטש בלייבן אַ זכר, אַן אָנדענק, נאָך מיין נישטיק דאָ־זיין...

אָבער, ווי אַזוי דאָס ?... איך בין דאָך נישט קיין מאָלער... דאָס איז דאָך אַ געשיכטע מיט שווער־וואָגיק מאַטעריאַל... — האָט דער סקולפּטאָר געוואָלט אויפקלערן די נישט־אויספיר־מעגלעכ־קייט צוליב טעכנישע סיבות. — געמיינט צו זאָגן, אַז ער מוז אים האָבן ביי זיך אין דער אַטעליע, דעם דאָזיקן קאָפּ...

— איר זעט, דאָ אַנטקעגן, די דאָזיקע ווייסע געביידע הינטערן שטאַכעטן־טויער מיט די געגילדעטע איניציאַלן, אין דער מיט פונעם בלעטער־קראַנץ ? — דאָס איז בלויז אַ נישט גרויסער טייל פון מיין פאַרמעגן. אַלץ, מיט וועלכן ס׳איז פאַרבונדן דאָס דורכפירן אייער פאַרלאַנג בשייכות מיט אייער אַרבעט, וועט אייך דאָ צוגעשטעלט ווערן. — דערווייל בין איך דאָ דער באַלעבאָס איבער אַלעמען, אויסער — איבער זיך...

דער סקולפּטאָר האָט אַ ווײַלע, אין אַ מאָמענטאַנער פאַר־געסונג, זיך איינגעקוקט מיט ברייט אויפגעריסענע, פאַרוווּנדערטע אויגן אינעם „קנויל־מענטש״.

פונעם אופן פון סקולפּטאָרס איינקוקן זיך אין אים, האָט דער קאָפּ אַראָפּגעלייענט פון זיין פנים וואָס ער טראַכט און געזאָגט :

— כ׳האָב שוין אַ סך מאָל נאָכגעטראַכט וועגן דעם, וואָס מענטשן טראַכטן וועגן מיר. גלייבט מיר, יונגער מענטש, כ׳וואָלט שוין פון לאַנג, אויף וועלכן ס׳איז אופן, געמאַכט מיט זיך אַ סוף. — מ׳גיט אָבער שטאַרק אַכטונג אויף מיר. זיך — בין איך שוין פון לאַנג נישט נייטיק... כ׳בין אָבער נייטיק פאַר אַנדערע. מ׳דאַרף מיך האָבן אַ לעבעדיקן... דאָס איז צוליב אַ מיליאָנען־ירושה, וואָס ציט זיך שוין יאָרן לאַנג...

# דער גלגול פון אַ מאַנטל

א.

ביי די ביבערפעלדס איז היינט די גוטע שטימונג ביים מיטאָג־עסן אַ ביסל געשטערט געוואָרן: זולטשע, זייער צוועלף־יאָריק מיידעלע האָט אָן אַ פּאַרוואָס און פאַרוועו, געלאָזט שטיין דאָס עסן און אָנשפּאַרנדיק דאָס קעפּעלע אויפן ראַנד פון טיש, אַראָפּ־געלאָזט די אויגן און גענומען קאָפּען מיט די פיסלעך אין טיש אַריין.

דער הער ביבערפעלד האָט איבערגעריסן דאָס לייענען די האַנדלס־צייטונג און געוואָרפן אַ בליק אין דער זייט פון וואַנען דאָס קלאַפּן האָט זיך געהערט. דערזען זיין זולטשען זיצן אין אַזאַ פּאָזע, האָט ער מיט איין שלינג אויסגעליידיקט דאָס גלעזל ווייַן, אַרויפגערוקט די ברילן אויפן שטערן און אָפּווישנדיק מיטן סערוועטל די פעטע ליפּן — צו צו איר, אַרויפגעלייגט זיין פליישיקער האַנט אויף איר קעפּעלע און זי זיסלעך אַ פרעג־געטאָן: זולטשענקע, מיין טייער קינד, וואָס איז דיר? ביסטו חלילה נישט געזונט? טוט דיר אפשר וויי דאָס קעפּעלע? זאָג, קינד מיינס!

זולטשע האָט מיט אַ האַסטיק־ווילדער באַוועגונג מיטן קאָפּ אַראָפּגעשליידערט דעם טאַטנס האַנט פון זיך; ער האָט ווידער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר קעפּל און זי ווידער זיסלעך געפרעגט: שמעקט דיר אפשר נישט דאָס עסן? זאָג וואָס דו ווילסט, וועט דיר מאַרישע באַלד מאַכן. זולטשע האָט אַ בורטשע־געטאָן

אונטערן נעז׳ל און זיין האַנט איז ווידער אַראָפּגעפלויגן פון איר קעפּעלע...

דער העֶר ביבערפעלד האָט אַ ווונק־געטאָן צו זיין עלטערער טאָכטער — אַנווייזנדיק איר אויף זולטשען. די טאָכטער, אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק, האָט איבערגעריסן דאָס אַריינקוקן אינעם מאָדע־זשורנאַל פון קומענדיקן פרילינג און אַרונטערבייגנדיק זיך מיטן פּנים אַראָפּ אונטער זולטשעס קעפּעלע, פּרובירט מיט אַ געלעכטער׳ל רעדן צו איר און זי איינגעמען; זי האָט אָבער באַקומען דערפאַר אַ שפּיי פון איר, גלייך אין פּנים אַריין. נאָר דער העֶר ביבערפעלד האָט שנעל צוגעלייגט זיין פינגער צו די ליפּן ווי ער וואָלט דערמיט זאָגן דער עלטערער טאָכטער: שאַ! דענערוויר זיך נישט און דענערוויר נישט ס׳קינד!..

— סאָניאַ, סאָניאַ! — האָט ער אַריינגעשריגן אין קאַבינעט אַריין.

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן די גוווערנאַנטין. דער העֶר ביבערפעלד האָט איר באַפוילן אָנצוגיסן אַ גלעזעלע ווייַן און אַריינצורופן טרעזאַרן, כדי זולטשע זאָל זען ווי דער הונט טרינקט מיט אַפּעטיט...

די גוווערנאַנטין האָט זיך דערנענטערט צום קינד, געוואָלט זי אָננעמען פאַרן הענטל, כדי איר צו ווייזן וואָס טרעזאַר קאָן. זי האָט אָבער פון זולטשען געכאַפּט מיטן פוס אַזאַ טרעט אויפן סאַמע הינעראויג, אַז עס איז איר אַזש פאַרגאַנגען אונטערן האַרצן, זי האָט בלויז פאַרביסן די ליפּן און נישט געענטפערט, נישט געטאָרט ענטפערן — נישט צו ריזיקירן מיט איר ברויט...

מיט גרויס מי איז דער מאַדאַם ביבערפעלד געלונגען אַרויס־צובאַקומען פון זולטשען די סיבה פאַרוואָס זי שטרייקט מיטן עסן: אַ נייעם מאַנטל וויל זי, דער איז איר שוין דערעסן, זי קאָן שוין נישט קוקן אויף אים.

די מאַדאַם ביבערפעלד האָט אַפילו געפּרוווט זולטשען אויפ־ווייזן, אַז דער ברוינער מאַנטל אירער איז נאָך גענוג שיין און

גוט, סך־הכל דריי חדשים ערשט ווי מען האָט אים געקויפט! עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, טאַטע־מאַמע האָבן איר נאָכגעגעבן — אָבי זי זאָל עסן...

ב.

נאָכן באַקוקן אין עטלעכע געשעפטן פאַרשידענע מאַנטלען, וואָס זולטשע האָט אָנגעמאָסטן מיט אַ זויער־אומצופרידן פּנימל — האָט מען איר ענדלעך צוגעקליבן אַן עלעגאַנט מענטעלע. צו נאָכט־עסן האָט דאָס קינד שוין באַוויליקט אויפצועסן די צוויי פרישע זעמעלעך מיט פּוטער — די שינקע, די שיטערע אייעלעך, פּאַרטרונקען מיט אַ גלעזעלע קאַקאַאָ, נאָר קיין איבעריקע צופרידנקייט — נישט אַרויסגעוויזן.

אויף צו מאָרגנס איז איר אַלטער ברוינער מאַנטל פאַרקויפט געוואָרן צו אַן אויפקויפער און פון אים — איז ער אַוועק אויפן מאַרק פון אַלטוואַרק...

ג.

— מאַמע! מאַמע! זע נאָר! נעבן דעם אָרט ווו דו האָסט מיר נעכטן פאַרנייט דעם מאַנטל, האָט זיך שוין ווידער צעריסן!

— ווייי איז מיר! — האָט איר די מאַמע געענטפערט, — ווער ווייס עטעלע, צי כ׳וועל אים נאָך קאָנען פאַריכטן, ער איז דאָך שוין בלויז לאָקשן!.. צי ווייסטו כאָטש, עטעלע, ווי אַלט דײַן מאַנטל איז שוין? ווען איך האָב אים באַקומען פון דער מומע חוה פון אַמעריקע, איז ער שוין געווען אַן אָפּגעטראָגענער מאַנטל, האָב איך אים דריי יאָר געטראָגן, דערנאָך אים איבערגענייט פאַר דיר, און דו טראָגסט אים שוין אויך צוויי יאָר...

— דו זעסט, מאַמע! די רעכטע זייט אונטערן אָרעם, אַרט מיך נישט אַזוי, דו ווייסט וואָס איך טו? ווען כ׳גיי אין שול אַרײַן

האַלט איך אויף יענעם אָרט די ביכלעך, אָבער דאָ אויף דעם אָרט, זעט מען זאַך... מאַמע, כ'בין נאָך הונגעריק, אפשר האָסטו נאָך אַ ביסל קאַרטאָפל?

עטעלעס מאַמע האָט אַ שטילן זיפץ־געטאָן, ווען זי האָט געענדיקט לייגן די גרויסע לאַטע אויף יאָסעלעס הייזעלעך, האָט זי אַרויפציענדיק זיי אויף יאָסעלען אַ זאָג־געטאָן:

— דו ווייסט, עטעלע? עס קאָן זיין, אַז דו זאָלסט נאָך היינט האָבן אַן אַנדער מענטעלע.

עטעלע האָט עס אירע אויערן נישט געגלויבט. זי האָט גענומען טאַנצן פאַר פרייד און זיך געכאַפּט קושן די געלבלעך־בלאַסע באַקן פון דער מאַמע.

— ניין מאַמע, ניין, דו נאַרסט מיך אָפּ! פונוואַנען האָסטו געלט? האָסט דאָך היינט אַפילו די קאַרטאָפל געבאָרגט.

אין דער מאַמעס אויגן האָט אַ פינקל־געטאָן אַ טרער...

— הער־זשע עטעלע, כ'האָב היינט באַקומען צוויי דאָלאַר פון דער מומע חוה, וועט עס זיין אויף אַ מענטעלע פאַר דיר.

עטעלע האָט שטיל און נישט דרייסט אַ פרעג־געטאָן: און וואָס זאָגט דער טאַטע? וועט ער נישט זיין דערקעגן? ער דאַרף דאָך באַצאָלן דירה־געלט.

— מיר האָבן טאַקע גערעדט וועגן דעם, אָבער וואָס זאָל מען טאָן? זי מוזט דאָך האָבן אין וואָס צו גיין אין שול! עטעלע האָט זיך ווידער געכאַפּט קושן דער מאַמען און פאַר פרייד אַ כאַפּ־געטאָן איר פינף־יאָריק ברודערל, דעם קליינעם יאָסעלע, און מיט אים גענומען טאַנצן.

עס האָבן זיך דערהערט שווערע, באַשטיימלטע טריט, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון די קרומע, צעפוילטע טרעפּלעך אין קעלער אַריין. די טיר האָט אַ לייכטן סקריפּע־געטאָן און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן דער טאַטע.

—מעגסט טאַנצן! מעגסט טאַנצן! — האָט ער אַריינקומענדיק אַ זאָג־געטאָן צו עטעלען. ביי לייטן זאָרגט שוין נישט דער טאַטע

פאַר אַזאַ מויד... אַ מויד פון צען יאָר מעג שוין אויך עפּעס פאַרדינען און אַרויסהעלפן דער שטוב...

אין עטעלעס בלוטלאָז, בלאַס פּנימל האָט אַ שלאַג אַרויס געטאָן אַ לייכטע רויטקייט. זי האָט זיך דערפילט ווי שולדיק קעגן טאַטן און איז שווייגנדיק צו צום פענצטער, וואָס האָט איר קוים געגרייכט ביז צו דער גאָמבע און מיט אומעטיקע אייגעלעך גענומען קוקן אין הויף אַרויס.

דער טאַטע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די באַשנייטע דורכגע־נעצטע קורטקע, זי אויפגעהאָנגען נעבן אויוון, אָפּגעבונדן פון זיך די שטריק מיט וועלכע ער איז געווען אַ פּאָר מאָל אַרומגעגאַרטלט, אַריינגעהויכט זיך אין די הענט אַריין, זיי פאַנאַנדערגעריבן און גענומען עסן די שוין איבערגעשטאַנענע קאַרטאָפל פון דער שיסל, וואָס דאָס ווייב האָט אַנידערגעשטעלט אויפן טיש. געענדיקט עסן, האָט ער אומגעריכט אַ זאָג־געטאָן צו עטעלען: — טו זיך אָן, מיר וועלן גיין אַ קוק־טאָן אַ שטיקל מאַנטל פאַר דיר.

עטעלע האָט זיך שטאַרק געפרייט, אָבער נישט דרייסט אַרויס־צווייזן פאַרן טאַטן איר פרייד — איז זי אַ שטילע, אָן ערנסטע מיטגעגאַנגען מיטן טאַטן.

ד.

אויפן מאַרק מיטן טאַטן, האָט זי אויף קיין איין אָנגעמאָסטן מענטעלע נישט געפונען קיין חסרון... אַלע זענען איר געפעלן געווען און אויף יעדן מענטעלע איז זי באַשטאַנען. דאָס ערגסטע איז דאָך טויזנט מאָל בעסער פון איר׳ס...

דער טאַטע האָט אָבער אַזוי לאַנג געניִשטערט, ביז ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ ברוין מענטעלע, נאָך אַ זייער ווייניק אָפּגענוצטן, זעט אויס פון „יענע בעסערע שטובן״... עס איז טאַקע געווען אַ ביסל צו לאַנג, ס׳איז אָבער נישט קיין חסרון... און מען קויפט איינמאָל אין משך פון יאָרן, מעג עס זיין אויף אויסצוואַקסן...

## ה.

עטעלע איז געווען אין זיבעטן הימל. די מאַמע האָט אַריינ־
גערופן די שכנ׳טעס פון קעלער־קאַרידאָר זיי זאָלן אָנקוקן איר
עטעלען אין „נייעם" מענטעלע. מען האָט מיט איר, מיט עטעלען
— געדרייט אין אַלע זייטן. איינע האָט דער צווייטער געוואָלט
איבערשטייגן אין מבינות. אַז איין שכנ׳טע האָט געזאָגט, אַז מען
קאָן דעם מאַנטל נאָך זיכער טראָגן אַ גאַנצן ווינטער און אַ צווייטע
האָט צוגעגעבן: צוויי ווינטערן — האָט עטעלעס מאַמע זיי איבער־
געשטיגן און געזאָגט, אַז זיי קענען זיך נישט אויף קיין סחורה...
דאָס מענטעלע — האָט זי געזאָגט — וועט דינען אויף דריי
ווינטערן, ביזן ענדיקן די שול.

דער טאַטע, וואָס איז געזעסן ביים אויוון און געטרוקנט די
אָניצעס, האָט דעם ווייבס לעצטע ווערטער אונטערגעכאַפּט מיט
אַ ניגון: ענדיקן די שול און גיין צו אַן אַרבעט!...

יענע נאַכט איז עטעלע געשלאָפן אַ זיסן שלאָף, ווי מיט
אַ שמייכל איבער איר בלוטלאָז, בלאַס פּנימל. דאָס האָט זי גע־
חלומ׳ט אַוודאי וועגן איר ניי, שיין מענטעלע...

# אין מיטן נאַכט

כמעט אַלע איינוווינער פון שמאָלן געסל, האָבן געקענט דעם אַלטן מוזיקער, וואָס האָט געוווינט אויפן פערטן שטאָק אינעם הויז מיטן שוואַרצן אייזערנעם טויער, וואָס האָט צוליב די מיט קראַטן באַשלאָגענע פענצטער לענג־אויס דעם פּאַרטער, אויסגעזען ווי אַ תפיסה אָדער פאַבריק־געביידע.

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט מען מער געקענט אינעם געסל זיין פרוי און די צוויי קינדער זיינע, ווי דעם מוזיקער לעאָ ווערנער. דער פרוי זיינער, שושנה ווערנער, האָבן אַלע געקענט צוליב איר נישט דורכשניטלעכער שיינקייט און געשמאַקפולן אופן פון איר קליידן זיך. אויך זייערע צוויי קינדער — אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף און אַ יינגל פון אַ יאָר צען — פאַר זייער סאָלידער האַלטונג און פאַר זייערע פייער־רויטע קעפּלעך.

פאַרלוירן זיין פרוי אין אַן אומגליק־פאַל בעת ער האָט זיך יענעם טאָג געפונען ווייט פון דער היים, האָט שפּעטער לעאָ ווערנער איבערגעריסן אויף חדשים דאָס שפּילן און לסוף — צוליב די יונגע קינדער מיט וועלכע ער איז געבליבן — אויפגעגעבן אינגאַנצן דאָס אַרויספאָרן ווייט פון דער שטאָט געבן מוזיק־לעקציעס.

נישט לייכט איז אויך געווען איבערצוגיין פון אַרויסטרעטן אויף קאָנצערטן — צו אַ מוזיק־לערער מיט יונגע שילער אין זיין וווינונג. דער „מוז" האָט זיינס געטאָן... ס'האָבן זיך אָנגערוקט שווערע יאָרן. אָבער לסוף זענעןביידע קינדער אויסגעוואַקסן צו יונגע רייפע מענטשן. ביידע, די טאָכטער און דער זון, האָבן

מיט זייער שיינקייט, געזונט און פעאיקייט אינעם געביט וואָס יעדער האָט זיך אָפּגעגעבן — פאַרשאַפט דעם מוזיקער לעאָ ווערנער גרויס נחת. צום טיילן זיך מיטן גענוס פונעם דערלעבטן, האָט איצט בלויז געפעלט זיין שושנה...

נישט לאַנג איז דעם מוזיקער אויסגעקומען צו זעטיקן זיין בליק, יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך איינגעקוקט אין זיינע קינדער. אין אַ געוויסן טאָג, האָט פאַר אים זיין טאָכטער פאָרגעשטעלט אַ יונגן בחור, אַ טוריסט פון קאַנאַדע, אַלס איר נאָענטער חבר. באַטראַכט דעם בחור און זיך דורכגעשמועסט מיט אים, האָט לעאָ מיט סאַטיספאַקציע אויפגענומען די דערקלערונג פון זיין טאָכטער. ער האָט אָבער געשטעלט אַ באַדינג, אַז זי זאָל פאַרן אָפּפאָרן מיט איר אויסדערוויילטן — שטעלן אַ חופה און געדענקען, אַז זי האָט דאָ אַ טאַטן...

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט ווערנער דערהאַלטן אַ „פּיקטשע" פון זיין טאָכטער ווי זי שטייט אונטער דער חופה מיט איר באַשערטן און פון דער צווייטער זייט — אַ צושריפט: „טאַטע, ווינטש מיר מזל־טוב! מיר טרינקען פאַר דיין געזונט!".

ס'איז נישט אַדורך קיין גאַנץ יאָר נאָכן אַוועקפאָרן פון דער טאָכטער, איז דער זון אַוועקגעפאָרן אויף סטודיום קיין אַמעריקע „נאָר" אויף דריי יאָר. ער האָט אָבער דאָרט, אין צווישנצייט, זיך באַקענט מיט אַ מיידל פון פיינע עלטערן און, ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, צוגעשיקט אַ „פּיקטשע" אויף וועלכער ער שטייט אונטער דער חופה מיט זיין אויסדערוויילטער און, אויך אַ צושריפט אויף דער צווייטער זייט: „טאַטע, ווינטש מיר מזל־טוב — מיר טרינקען דאָ פאַר דיין געזונט!

ביידע „חופה־פּיקטשעס" האָט לעאָ ווערנער איינגערעמלט און אויפגעהאָנגען אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט אויף וועלכער ס'איז געהאָנגען אַ גרעסער בילד פון זיין פרוי, וואָס האָט צו אים אַראָפּגעקוקט מיט אַ מילדן שמייכל...

געבליבן מיט זיך אין די אָוונט־שעהן, נאָכן אַוועקגיין פון

זיינע יונגע שילער, האָט דער מוזיקער, אויסער אין זיין פאַרשטאָרבענער פרוי, זיך אָפּט איינגעקוקט אין זיינעביידע קינדער, אין זיין דערלעבטן נחת וואָס האָט זיך געפונען איבער ימים, טויזנטער קילאָמעטער ווייט פון אים און זיינע מיט פייכטקייט צעשפּיגלטע אויגן, האָבן יעדעס מאָל גענומען איבערשווומען מיט טרערן, וועלכע ער איז נישט בכוח געווען איינצוהאַלטן...

אין אַזעלכע אָוונטן ווערט לעאָ ווערנער באַהערשט פון אַ נאָגנדיקן אומעט וואָס דערמאָנט אים דערביי, אַז ער איז אויפן לעצטן שטאָק פון די הויזטרעפּ דער איינציקער איינוווינער און אַז אונטער אים, אויפן דריטן שטאָק, געפינט זיך עפּעס אַ סקלאַד וואָס זיינע פאַראָסטעטע אייזערנע טירן זענען כמעט שטענדיק פאַרמאַכט מיט שווערע, גרויסע הענג־שלעסער. דאָס מאַכט אים אָפּפילן, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין זיין וווינונג ווי אַן אָפּגעריסענער פון דער אַרומיקער אויסערלעכער וועלט... ווען ס׳זענען מיט אים געווען זיין פרוי און קינדער — איז אים אויך קיינמאָל נישט איינגעפאַלן איינצוקוקן זיך בענטער צו די אַספּיראַל־אַרטיקע טרעפּ וואָס האָבן אַרויפגעפירט צום פערטן שטאָק און, וואָס איינקוקנדיק זיך אין זיי פון אויבן אַראָפּצו, האָט זיך געזען אַ רונדער טיפער וואַקום ווי אַ פּאַסטקע אָדער לאָקונג, פאַר אַ מענטש וואָס געפינט זיך אין אַ שווערע דעפּרעסיע...

דערווייל, איז אין לויף פון דער צייט, צוגעקומען פון איבער ימים, צוגאָבלעכער נחת פאַרן מוזיקער לעאָ ווערנער. ר׳איז געוואָרן אַ זיידע סיי פון דער טאָכטער און סיי פונעם זון זיינעם און, זיין וווינונג איז באַצירט געוואָרן מיט נייע „פּיקטשעס״ זיינעם און, זיין וווינונג איז באַצירט געוואָרן פון נייע „פּיקטשעס״ פון זיינע אייניקלעך. קורץ נאָך זיין צוגאָבלעכן נחת, האָבן ווייטער — נישט געקוקט וואָס ער איז אין די פאַרנאַכטן ביז ביין אין אָוונט, געווען פאַרנומען מיט די מוזיק־לעקציעס — גענומען ציִען מאָנאָטאָנע טעג, חדשים און יאָרן. די צאָל באַקומענע בריוו פון די קינדער זענען וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ זעלטענער און

זעלטענער — ביז זיי האָבן אין גאַנצן אויפגעהערט אָנצוקומען...



אינעם גאַנג פון יאָרן, איז אינעם שמאָלן געסל, ווייניק ווער, געבליבן פון די אַלטע איינוווינער, און די נייע, האָבן בלויז געקענט דעם אַלטן מוזיקער לעאָ ווערנער. געקענט האָבן זיי אים פון דעם, וואָס מיט דער פּינקטלעכקייט פון אַ זייגער, האָט ער זיך געוויזן אינעם געסל דריי מאָל אין טאָג:

אַ נאָך גלייכער, אַ בלאַסלעכער מיט אַ קורץ־פאַרשוירן גרוי בערדל און באַזילבערטן קאָפּ — האָט ער יעדן אַכט אינדערפרי מיט אַ קויבערל אין האַנט אַריבערגעשפּאַנט די צווייטע זייט פונעם געסל — צום אַנטקעגנאיבערדיקן שפּייז־געוועלב; גענוי צוועלף דעם זייגער, האָט ער זיך באַוויזן פונעם שוואַרצן אייזערנעם טויער מיט זיין ברוינעם קודלאַטן הינטל און, איז אַוועק מיטאָקן אין אַ רעסטאָראַן פאַר וועגעטאַריער, און גענוי זעקס פאַרנאַכט, זיך צוריקגעקערט פון גאַס, אויפצונעמען זיינע שילער.

אַלע אין געסל האָבן געקענט דעם עטלעכע און זיבעציקיאָריקן מוזיקער לעאָ ווערנער, אָבער ער — בלויז איינצלנע, און פון זיי — בלויז איינעם, מער נאָענט. געווען איז דער איינער, גראָד אַ מענטש וואָס איז ניִשט לאַנג איבערגעגאַנגען וווינען אַהער און געוואָרן אַ שכן, אַ פענצטער אַנטקייגן אַ פענצטער פוןביידע זייטן פונעם געסל מיטן מוזיקער. מיטן דאָזיקן מענטש, וואָס איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער גיכער הילף און וועמענס ייִנגל איז געוואָרן איינער פון לעאָ ווערנערס שילער.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, איז דער שכן, אָנטרעפנדיק דעם מוזיקער אויפן וועג אַהיים, זייער באַאיינדרוקט געוואָרן פון דער אויפגעלייגטער שטימונג זיינער — אַ זאַך, וואָס איז געווען אין אַבסאָלוטער קעגנזאַץ צו דער כמעט שטענדיקער געדריקטקייט

אין וועלכער ער פלעגט אים יעדעס מאָל אָנטרעפן. נאָך איידער ער האָט באַוויזן אים אַ פרעג־טאָן די סיבה פון דער אויפגעהייטערטקייט זיינער — האָט דער אַלטער מוזיקער אַרויסגעכאַפּט פון דער בוזעם־קעשענע אַ בריוו, געפּאָכעט מיט אים אין דער לופט, און אויסגערופן מיט גרענעצלאָזער פרייד: „אַ בריוו פון מיין זון און טאָכטער!" שטעלט אייך פאָר, שוין נישט געגלויבט, כ'זאָל זיי ווען עס איז זען ביי מיין לעבן!ביידע, דער זון און די טאָכטער, וואָס ביידע האָבן זיי שוין אַליין אייניקלעך, האָבן זיך ענדלעך דערמאָנט אַז זיי האָבן דאָ אַ טאַטן... און באַשלאָסן, אַראָפּצוקומען צו מיר, שוין אין די נאָענטסטע טעג! איר הערט שכן, איר וועט מוזן זיין דערביי, ווי כ'וועל זיי אויפנעמען!



דעם זעלבן טאָג, אין מיטן דער נאַכט, האָט אַן אומאויפהערלעך יאָמערלעך סקאַוווטשען פון אַ הינטל אין מוזיקערס וווינונג, אַרויסגעריסן די אַרומיקע שכנים פון שלאָף. אויף די געשרייען פון די שכנים ער זאָל שטיל מאַכן דאָס הינטל — האָט זיך קיינער נישט אָפּגערופן...

דער פאַרדאַכט וואָס איז אַנטשטאַנען ביי די אַרומיקע שכנים, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס ריכטיקער... געעפנט די טיר, האָט מען ביים בעט־טישל געטראָפן אָן באַוועגונג זיצן דעם אַלטן מוזיקער לעאָ ווערנער... נעבן זיין אויסגעצויגענער פאַרשטייפטער האַנט און פינגער, האָט געריט דאָס אַראָפּגענומענע טעלעפאָן־טרייבל...

ווען דער שכן פון אַנטקייגנאיבערדיקן פענצטער, דער אָנגעשטעלטער אין דער גיכער הילף, האָט קומענדיק צוריק פון זיין נאַכט־שיכט זיך דערוווּסט וואָס אַזעלכעס ס'איז געשען מיטן אַלטן מוזיקער — האָט ער נישט געקאָנט זיך קיין אָרט געפינען



און פאַר יעדן איבערגעחזרט: „ווער זאָל וויסן ווער עס קלינגט. ווער זאָל וויסן... כ'האָב בלויז געהערט אַן איילעק רופן „האַללאָ! האַללאָ!" און פלוצעם איז שטיל געוואָרן...

# צבי שטאַבלער

אונטערן נידעריק אַראָפּגעלאָזטן בלייערנעם הימל, איז אין דער קוואַר געפאַלן אַ קאַלט רעגנדל, וואָס האָט ווי מיט שאַרפע נעדעלעך געקלאַפּט אין די באַקן, נאָז און אויגן. קרומלעך און פאַרטושט, מיט צעפלאָסענע פייערן פון די פענצטער און גאַסן־לעמפּ, האָבן אויך די הייזער פון שטאָט און אַלץ וואָס אין איר — מוטנע זיך אָפּגעשפּיגלט אויף די נאַסע טראָטואַרן און ברוקן. אויפגעשטעלט דעם קאַלנער פונעם באַטלדרעס, האָט דער באַ־בערדלטער, שוין נישט יונגער סטודענט פון לעצטן סעמעסטער פון הומאַניסטישן פאַקולטעט, צבי שטאַבלער, געשפּאַנט פאַר זיך אַ פאַרטראַכטער, און יעדעס מאָל, וואָס די קאַלטע און שאַרפע רעגנטראָפּנס האָבן זיך אַריינבאַקומען הינטערן אויפגעשטעלטן קאָלנער צום וואַרעמען האַלדז — האָט זיין פּנים זיך פאַרקרימט אין אַ שאַרפע גרימאַסע. מיטגעווירקט צום דאָזיקן געפיל, האָט אויך די אומצופרידנקייט מיט זיך, וואָס ער האָט איינגעשטימט אויפן פאַרשלאַג פון זיין אוניווערסיטעט־חבר, צו קומען הערן זיינע נייע פּאַטעפאָן־פּלאַטן און, נאָך מער דאָס — וואָס ער האָט ערשט איצט, זיך דערמאָנט אַז היינט איז דינסטיק, און אַז ער האָט מיט צוויי שעה צוריק, געדאַרפט געבן אַ לעקציע פון ענגליש דער נייער זיבעצן־יאַריקער שילערין, ווו איר יונגע מוטער, נעמט אים יעדעסמאָל אויף מיט אַ גוט מאָלצייט און וויזט צו אים אַרויס מער אינטערעס, ווי איר בלאַסלעכע מאָגערע טאָכטער.

זייער באַלאַסטיקט מיט זיינע לימודים און פּריוואַטע לעק־ציעס, האָט צבי שטאַבלער געפילט, אַז ער נויטיקט זיך זייער

אין עפעס אַן אַנטשפּאַנונג, אַן אָפּוועקסלונג, פונעם טאָג־טעגלעכן. ס'האָט זיך ביי אים זינט אַ געוויסער צייט אַזוי געמאַכט, אַז נאָך די צוויי האָפּענונגסלאָזע ליבעס וואָס ער האָט געפירט, האָט זיך מער אויפן האָריזאָנט, עפּעס ענלעכעס נישט געוויזן. דער אינ־טערעס, וואָס ס'האָט צו אים אַרויסגעוויזן די עלטערע פון אים, פאַרמעגלעכע יונגע אַלמנה — די מוטער פון זיין בייער שילערין — האָט אים נישט גערייצט.

מיט אָט די געדאַנקען, שפּאַנענדיק אויף צוריק — האָט צבי שטאַבלער מיטאַמאָל דערהערט הינטער זיך, דאָס רופן פון אַ פרויען־שטים: צבי!! צבי!!

די שטים, וואָס האָט אומגעריכט דערגרייכט צו זיינע אויערן, האָט צעשפּרייט איבער זיין גוף אַ גלעטנדיקע וואַרעמקייט און באַזייטיקט פון זיין פּנים די נאַר־וואָס, אויסגעלייגטער גרימאַסע — איז ער מיט צוויי האַסטיקע שפּרונג, שוין געשטאַנען נעבן אַ בלאָנד און צעשמייכלט מיידל, זי פעסט אַרומגעאָרעמט און אומדערוואַרט פאַר איר, און אַפילו פאַר זיך אַליין — געטאָן איר אַ הונגעריקן קוש און געדריקט אירעביידע הענט.

דאָס צעשמייכלטע מיידל, דאָס פּנים מיט די בלאָנדע גע־קרויזטע האָר, מיט אַ קליין נעזל אויף וועלכן ס'זענען געריטן אַ פּאָר, גרויסע, רונדע, ברילן־גלעזער אין אַ געגילדעט געשטעל — האָט מיט אַ שמייכלדיקער, לייכטער פאַרוווּנדערונג, אויפגענומען דעם אומגעריכטן קוש, און, בכדי צו ווייזן, אַז זי האָט כמעט נישט געלייגט קיין אַכט דערויף, געזאָגט: שוין איבער צוויי יאָר, צבי, ווי מיר האָבן זיך נישט געזען און, זיך צופעליק געטראָפן אין אַ וועטער, אין וועלכן ס'איז אַן עבירה אַפילו אַ הונט פון שטוב אַרויסצוטרייבן!

— קום עלאַ! מיר זענען נישט קיין הינט... מיר וועלן זיך אויסבאַהאַלטן פונעם רעגן אין אַ וואַרעם און ליכטיק אָרט! מיר וועלן דאָרט קאָנען זיך אויסשמועסן פאַר די איבער צוויי יאָר וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען — האָט צבי שטאַבלער, אַן

אויפגערוימטער, גענומען דאָס בלאָנדע מיידל אונטערן אָרעם, און געלאָזט זיך שפּרייזן מיט איר אין איין טראָט.

נישט געקוקט אויף דער אַרויסגעוויזענער נאָענטער באַציונג צו עלאַן, האָט ער אין דעם אָוונט, צום ערשטן מאָל, איר אַ קוש־געטאָן און, אַז זיין געוואַגטקייט איז אַדורך אָן וועלכן ס׳איז פּראָ־טעסט — האָט ער שוין אויך, זיך געווענדעט צו איר אויף „דו".

עלאַן האָט ער דערקענט מיט צוויי און אַ האַלב יאָר צוריק, ווען זי איז פאַר אים פאָגעשטעלט געוואָרן דורך זיין מיידל פון דער צווייטער ליבע און, זיי פלעגן פון מאָל צו מאָל, אין דרייען פאַר־ברענגען צוזאַמען.

באַווירקט פון אַ האָפערדיקן געדאַנק, אַז דער אומגעריכטער צוזאַמענטרעף מיט איר, וועט מעגלעך ברענגען מיט זיך דאָס, וואָס ס׳האָט אים לעצטנס אַזוי שטאַרק געפעלט — האָט ער איצט, בעתן שפּאַנען מיט איר מיט אונטערגעאײלטע טריט — נישט אָפּגעפּילט דאָס באַטרעטן דעם באָדן... ער האָט גייענדיק פעסט געאָרעמט מיט עלאַן, געזען אינעם קלאַפּן פון די קאַלטע און שאַרפע רעגן־נעדעלעך איבערן פּנים, אָן דער נאָז און אויגן, און דאָס אַריינבאַקומען זיך צווישן דעם אויפגעשטעלטן קאָלנער פונעם באַטלדרעס ביז דער וואַרעמקייט פון האַלדז — פריילעכע קונדיי־סישע שטיק, וואָס דאָס וועטער מאַכט מיט זיי...

— דאָ, וועלן מיר אַריינגיין עפּעס איבערכאַפּן און געמיטלעך זיך אויסשמועסן פאַר דער גאַנצער צייט — האָט צבי שטאַבלער, זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ קאַפע־הויז פון וואַנען ס׳האָט דורך דער געגלאָזטער טיר און ברייטע פענצטער — אַרויסגעפּלייצט אַ ליכ־טיקייט, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אַרום אַ שטיק שטח אינעם רעגנדיקן דרויסן. געעפנט די שווערע אויטאָמאַטישע טיר און אַריינגעלאָזט עלאַן פאַר זיך — האָט ער זיך אַרומגעקוקט איבערן גרויסן ליכטיקן זאַל מיט טישלעך, געדעקטע מיט שניי־ווייסע געפּרעסטע סערוועטן.

אַוועקגעזעצט זיך אַנטקעגן עלאַן און זיך איינגעקוקט אין איר

פאַררויטלט פּנים און צעשפּיגלטע אויגן, איז פון אים גלייך פאַר־שווּנדן דער נישט קלאָרער אומרו בעתן אַריינקומען און, צורופנ־דיק דעם קעלנער — מיט אַ מונטערע שטים געמאַכט אַ באַשטע־לונג פון צוויי מאָל טיי און צוויי מאָל קעז־קוכן.

געזעסן אין דער עלעגאַנטער, ליכטיקער און וואַרעמער קאַ־פע — אין וועלכער די וועלט האָט אויסגעזען אַזוי שיין און צו־זאָגנדיק — האָבן ביידע, קעגנזייטיק זיך איבערגעגעבן וועגן זייער לעבן און טואונגען, פאַר די צוויי און אַ האַלב יאָר וואָס זענען אַדורך. צבי האָט איבערגעגעבן פאַר עלאַן די סיבה פאַרוואָס ער איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט איר חברטע עדנה, און עלאַ האָט אים דערציילט, אַז זי איז אַ געוויסע צייט געגאַנגען מיט אַ דיכ־טער, ווען ס׳איז איר אין קיין פאַל נישט געלונגען צו פאַר־שטיין און, צו דעם נאָך — פלעגט ער כמעט שטענדיק אַרונטער־רייסן אירע קורצע דערציילונגען, וואָס זי פלעגט שרייבן אין פרייע שעהן אין דער פאָטאָגראַפישער אַטעליע, ווו זי האָט גע־אַרבעט אַלס רעטוטערקע.

ס׳הייסט, אַז זי האָט טאַקע איצט נישט קיינעם, אַז זי איז אַ פרייע — איז ביי צביען געוואַקסן די צופרידנקייט פונעם היינ־טיקן, אַזוי אומגעריכטן אָוונט און, בכדי אָפּצייכענען אים אויף אַ געהעריקן אופן — האָט ער אַ דערוואַרעמטער, זיך נענטער צוגעבויגן צו איר און געזאָגט מיט אַ הייטערע שטים: עלאַ, מיר מאַכן איצט אַ „רעפּעטע״! מיר וועלן איצט קאָנסומירן קאַווע מיט מילך און נאָך עפּל־קוכן!



אַז דער קעלנער האָט מיט אַן עלעגאַנטן פאַרנויג, אַוועקגע־לייגט פאַר צביען אַ רעכענונג אויף דער סומע פון איינאונצוואַנציק לירות מיט זעכציק אגורות — האָט ער ערשט איצט, אין דעם מאָמענט זיך דערמאָנט — אַז ער האָט נישט מער ביי זיך ווי פופצן לירות!...

אַ פֿאַרלוירענער פֿון דער געשאַפֿענער לאַגע — האָט צבי שטאַבלער, געזוכט אַן אָרט אויסצובאַהאַלטן זיין פּנים פֿונעם בלאַנדן מיידל און פֿאַרדעקט מיט דער האַנט דעם רעכענונג וואָס אויפֿן טישל... אָבער נאָך איידער עלאַ האָט באַוויזן אַ טראַכט־טאָן, ווי אַזוי צו האַנדלען אין אַזאַ פֿאַל — האָט צבי זיך האַסטיק אויפֿגעשטעלט, און געזאָגט צו איר: זיי מוחל אויף אַ מינוט! — איז ער שוין געשטאַנען אין אַ זייט פֿונעם זאַל — ווו איר בליק האָט אים נאָכגעפֿאָלגט.

אָן אַ טראַכט־צו־טאָן ווענגן דער ריכטיקייט פֿון איר האַנדלונג — האָט עלאַ גלייך אַהינגעשוועבט צו ביידן, און מיט אַ טאָן ווי ס׳וואָלט דאָ קיין שום ספּעציעלס נישט געשען — געזאָגט גאַנץ געמיטלעך אַז דער קעלנער זאָל הערן:

— כ׳האָב אינגאַנצן פֿאַרגעסן צבי, אַז כ׳האָב מיט זיך געלט. נאַ, נעם אַ רעשט פֿון פּוציק לירות.

אויף צביס פּנים האָט מען געקאָנט אָנצינדן אַ שוועבעלע....

# אַ צופעליקע באַגעגעניש

דניאל האַווקין איז ספּעציעל געקומען פון אַמעריקע כדי צו שטעלן אַ מצבה אויף זיין מוטערס קבר. דער געדאַנק, אַז ער וואָלט אפשר פאַראיינוועגס געדאַרפט אַרומקוקן זיך אין ישראל וועגן אַ פּאַסיקער לעבנס־באַגלייטערין, וואָס זאָל איינשטימען צו פאָרן מיט אים קיין ניו־יאָרק, ווו ער איז גוט איינגעאָרדנט — איז ביי אים אַרויפגעשווומען ערשט בעתן פליִען.

פּאָר די עטלעכע טעג פון זיין געפינען זיך אין לאַנד, האָט ער היינט, צום ווייפלטן מאָל שוין זינט ער איז אַהערגעקומען, באַזוכט דער מוטערס קבר. ווי יעדעס מאָל, האָט ער אויך היינט, מיטגעבראַכט מיט זיך פרישע בלומען, וואָס ער האָט פונאַנדער־געלייגט אויף דער מאַסיווער שטיין־פּלאַטע, אַרום די אויסגע־קריצטע און מיט שוואַרץ־געדעקטע אותיות, מיט דער אויפשריפט: דאָ רוט חוה האַווקין. פון דער היים — שטיגלער. געשטאָרבן אין אדר תשל״ד — 1974.

פאַרזוימט זיך אין גאַס, האָט היינט דניאל אַ ביסל פאַרשפּע־טיקט מיטן אַהערקומען. בעת ער האָט איבערגעטראָטן דאָס טויער פונעם בית־הקברות און זיך געלאָזט גיין מיט די בלומען צו דער מוטערס קבר, האָט שוין אַ פאַרנאַכטיקער גראָ געגומען זיך פאַר־ציִען איבער די מצבות און איבער די געדיכט־צעצווייגטע ביימער אין דער הויפּט־אַלייע. דאָ און דאָרט, מיט זייטיקע שטעגלעך, האָבן גרופּעס לייכט־באַשאָטנטע מלווים פון אַ פאַרשפּעטיקטער לויה, געשפּאַנט אויף צוריק, צום אַרויסגאַנג.

אויפן וועג צוריק, ווען האַווקין האָט זיך ווידער געפונען אין

דער הויפּט־אַלייע, האָט דער הימל פּלוצעם גענומען זיך פֿאַרציִען מיט פּוכיקע וואָלקנס, און ס׳האָט אַ בלאָז־געטאָן מיט אַ פּייכטלעך ערב־רעגן־ווינטל. געשפּאַנט מיט נישט געאײַלטע טריט, האָט פֿאַר אים פֿון דערווייטנס, פֿון דער אַרומיקער גראָקייט, זיך אַרויס־געשיילט אַ סילועט פֿון אַ זיצנדיקער פֿרוי אויף אַ באַנק. מיטן דערנענטערן זיך אין אָט דער ריכטונג, האָבן אָנגעהויבן אַלץ בולטער ווערן די ווייסע פֿינטעלעך אויף דעם שטאָף פֿון איר קלייד, און פֿאַר דניאלן האָט מיטאַמאָל אַ פֿלאַטער־געטאָן אַן אָנגענעמע און גלייכצייטיק ווייטיקלעכע דערמאָנונג. ער האָט אָן צו וויסן פֿאַרוואָס, פֿאַרשנעלערט זײַנע טריט און נאָענט פֿון דער פֿרוי — דערזען, אַז זי זיצט נישט אַליין, אַז זי האַלט צוגעטוליעט צו זיך אַ ייִנגעלע פֿון אַ יאָר פֿינף.

דאָס בילד ווי אײנעם גרוי פֿון אַ פֿאַרנאַכט זיצט אויפֿן בית־הקברות אַ פֿרוי אויף אַ באַנק און טוליעט צו זיך אַ קליין ייִנגע־לע — האָט מיט אַ נאָך מער שטאַרקער קראַפֿט אַרויסגעהויבן און אויפֿגעוועקט אין אים עפּעס אַזוינס, וואָס האָט מיט שנעלקייט פֿון אַ בליץ, פֿאַר אים אָפּגעדעקט די ווייטע און טרויעריקע טעג פֿון זײַן פֿריִער און קורצע קינדהייט, ביז עלטער פֿון אַ יאָר צען.

דאָס קלייד מיט די ווייסע און רויטע פֿינטעלעך — האָט אים דערמאָנט זײַן מאַמעס קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן אין די שבתים און יום־טובים. ווי די דאָזיקע אומבאַקאַנטע פֿרוי מיטן קינד — זעט ער זיך איצט אין עלטער פֿון אַ יאָר זעקס־זיבן, זיצן מיט דער מאַמע אין אַ שפּעטן ווינטערדיקן נאָכמיטאָג, אויף אַ באַנק אויפֿן וואַרשעווער, גענשער בית עלמין. דאָס רוט זי זיך אָפּ מיט אים, נאָך דעם ווי זיי זענען ביידע געווען ביים טאַטנס קבֿר, ווען זי האָט געדאַרפֿט עפּעס „איבערגעבן״ אָדער בעטן... ס׳נעמט פֿאַלן אַ פּוכיקער שניי. די מאַמע שטעלט זיך אויף און זיי נעמען ביידע גיין אַהיים. ביידנס קליידער ווערן ביסלעכווייז באַדעקט מיט אַ דיקער שיכט שניי. ער איז דערמיט זייער צו־פֿרידן. קיינער זעט איצט נישט די אַריינגענייטע לאַטקעס און

צערעלעך אויף זיין מענטעלע. איצט טראָגט ער אויף זיך אַ ווייס פּעלצל און, ער פּרוווט שטעלן טריטעלעך ווי די גבירישע קינדער...

נאָך נישט קיין יאָר ווי זיין טאַטע איז געשטאָרבן. ס׳איז געווען מיט אַ חודש שפּעטער ווי זיין שוועסטערל לאה׳לע איז געבוירן געוואָרן. ער קאָן זיך נישט דערמאָנען, ער זאָל האָבן ווען עס איז געזען דעם טאַטן זיינעם אַרויסגיין אין דרויסן. ער איז כמעט שטענדיק געלעגן אינעם טונקעלן ווינקל פון דער סוטערינע און אַרויפגעקוקט צום פענצטער, דורך וועלכן ער האָט מער ווי דורכגייענדיקע פיס אין הויף נישט געקאָנט זען. שטענדיק איז ביי זיין בעט געשטאַנען אַ בענקל אויף וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען פאַרשידענע קליינע שאַכטעלעך און פלעשלעך מיט פאַרשידענע רעצעפּטן.

נאָכן טאַטנס טויט האָט זיך דער מאַמען איינגעגעבן אַרויסצונעמען אַהיים אַרבעט פון אַ פאַבריק, פון וואַנען זי פלעגט יעדעס מאָל אַהיימברענגען פולע טאָרבעס מיט קנעפּ — אַרויפצונייען זיי אויף טעוועלעך מיטן אָפּדרוק פון דער פירמע. די מאַמע איז שטענדיק געווען שטאַרק פאַרנומען און ער האָט געמוזט אויספירן פאַר איר פאַרשידענע געענג. ווען ער האָט זיך נאָר איבערגעוועקט פון שלאָף, האָט ער זי געזען זיצן ביים טיש, ביים ליכט פון אַ נאַפט-לעמפל מיט אַ גלעזל וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ שטיקל צייטונג-פּאַפּיר, אָדער אַ באַשריבן זייטל פון עפּעס אַ העפט — כדי דאָס ליכט זאָל איר נישט ברענען אַזוי די מידע אויגן, בעת זי האָט מיט אַ פוס געטרעטן אויפן „ביעגון״ פונעם העלצערנעם וויגל.

דריי יאָר איז אַלט געווען זיין שוועסטערל לאה׳לע, ווען זי איז אומגעקומען פון איינע פון די ערשטע דייטשע באָמבעס, וואָס זענען געפאַלן אויף וואַרשע. ער, האַווקין, איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר צען.



ס׳האָבן זיך געמערט די רעגנטראָפּנס. די פרוי אויף דער באַנק, האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנעמענדיק דאָס קינד פאַר דער האַנט, זיך געלאָזט גיין צום אַרויסגאַנג פונעם בית־הקברות און דניאל איז ווי אַ לונאַטיקער, געגאַנגען נאָך אירע טריט.

שוין אויף יענער זייט פונעם בית־הקברות, זענען זיי, וואַרטנ־דיק אויף אַן אויטאָבוס — געגאַנגען אַלע דריי אַהין און צוריק און געקוקט אַרויף צום הימל וואָס האָט זיך אַלץ מער פאַרצויגן מיט וואָלקנס. די יונגע פרוי האָט פון מאָל צו מאָל געוואָרפן באַהאַלטענע פאָרשנדיקע בליקן אויף דניאלן — נישט קאָנענדיק פאַרשטיין די סיבה, פאַרוואָס דער דאָזיקער מאַן האָט אַזוי עקשנות־דיק זיך איינגעקוקט אין איר, בעת ער האָט פּלוצעם זיך אָפּגע־שטעלט ביי אַ בוים פון דער רעכטער זייט פון דער אַלייע, אַנטקעגן דער באַנק אויף וועלכער זי איז געזעסן.

— זייט מוחל, ווי מיינט איר, גברת? — האָט דניאל איבער־געריסן די שטילקייט וואָס אַרום זיי — צי וואָלט מען נישט באַדאַרפט פּרוון אָפּשטעלן אַ טעקסי? דער רעגן נעמט זיך שטאַרקן און מ׳זעט אַלץ נישט קיין באָס אָון, פון די הייזער אין שטאָט נעמען שוין אַרויסשפּאַרן פייערן.

די יונגע פרוי מיטן קינד האָבן מיט צופרידנקייט איינגע־שטימט.

נאָך עטלעכע מינוט זענען ביידע איינגעשטיגן אין אַ טעקסי וואָס איז געפאָרן צו דער שטאָט.

פאַר די עטלעכע מינוט פון וואַרטן אויף דער מאַשין, האָט דניאל זיך דערוווסט, אַז די אומבאַקאַנטע פרוי האָט באַזוכט אויפן בית־הקברות דעם קבר פון איר מאַן, וואָס איז געשטאָרבן מיט צוויי יאָר צוריק און זי, די פרוי, האָט זיך דערוווסט, אַז דער אומבאַקאַנטער מאַן, איז אַן אלמן, וואָס איז ספּעציעל אַראָפּגעקו־מען פון אַמעריקע, שטעלן אַ מצבה זיין פאַרשטאָרבענער מוטער, וועגן וועלכער ער האָט זיך מיט אַ יאָר צוריק אין אַמעריקע דער־ווּסט, אַז זי געפינט זיך אין ישראל...

אין דרויסן האָט געגאָסן מיט עמערס. דער שויבן־ווישער האָט אומאויפהערלעך געקרייזט אַהין און אַהער. דניאל האָט גע־האַלטן אויף דער קני דאָס קליינע יינגעלע, וואָס האָט דווקא געוואָלט זיצן אויפן שויס, פונעם דוד. ביידע, דניאל און די יונגע פרוי, האָבן איינער מיטן צווייטן זיך געטיילט מיט זייערע איבערלעבונגען.

כאָטש יעדער איינער, האָט בעתן איינשטייגן אין דער טעקסי אָנגעגעבן אַן אַנדער אַדרעס, האָט דער שאָפער, אויפן פאַרלאַנג פון דניאלן אָפּגעשטעלט די מאַשין נעבן אַן עלעגאַנטער קאַפע און ער איז מיט דער אומבאַקאַנטער פרוי מיט איר יינגעלע, פאַר־שוווּנדן הינטער אַ שווערע גלעזערנע טיר.

# דער בר־מזל

דער עלטסטער אָנגעשטעלטער אין דער פירמע „ווייס און גרין‟, דער צוויי־און־זעכציק יאָריקער שמואל פעלדשטיין, איז צוליב אַן ערנסטער קראַנקייט שוין איבער אַ חודש צייט נישט געקומען צו דער אַרבעט. און ווייל ער איז געווען דער עלטסטער, נישט בלויז אין סטאַזש, נאָר אויך אין יאָרן — זענען די ייִנגערע פּקידים געקומען יעדע פּאָר טעג אים מבקר־חולה זיין. זיי פלעגן אויך פריִער אָפּט זיין זיינע געסט. מחמת ביידע, סיי ער און סיי זיין פרוי עליזה, האָבן ליב געזעלשאַפט. דער עיקר — ביי זיך אין שטוב. ביי אַ גלעזל טיי און אַ לייכטן צובייס, פלעגט מען פאַרברענגען ביי זייער טיש אין שמועסן, טיילן זיך מיט עפּיזאָדן וועגן קונים און סוחרים, הערן פאַטעפאָן־פּלאַטן און, דער עיקר, — אַריינכאַפּן אַ קערטל, אין וועלכן די באַלעבאָסטע, די פרוי עליזה פעלדשטיין, האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל.

עליזה, וואָס איז געווען מיט צוויי־און־צוואַנציק יאָר ייִנגער פון איר מאַן שמואל, האָבן די אָנגעשטעלטע אין דער פירמע, געקענט נאָך פון דאַמאָלט, ווען זי איז אין עלטער פון אַכצן יאָר, נאָכן ענדיקן אַ גימנאַזיע, אָנגעקומען אַרבעטן אין דער פירמע „ווייס און גרין‟ אַלס קאַסירערין. צוליב איר נישט געוויינלעכער שיינקייט, האָבן די משרתים גענומען פלאַטערן אַרום איר — ווי בינען אַרום אַ בלום. יעדער איינער, אַפילו די שוין פאַרהייראַטע אָנגעשטעלטע — האָבן געפּרוּווט אויף פאַרשידענע אופנים געווינען איר אויפמערקזאַמקייט.

אַ צוויי יאָר נאָך דעם, ווי עליזה איז אָנגעקומען אַהין אַרבעטן,

האָט דער פּערסאָנאַל מיטאַמאָל זיך דערוווּסט וועגן אַזוינס, וואָס האָט קיינעם פון זיי, נישט געקאָנט קומען אויפן געדאַנק — די אומגלויבלעכע נייעס אַז דער צווייאונפערציק יאָריקער אַנגע־שטעלטער סאַמועל פעלדשטיין, האָט חתונה מיט דער צוואַנציק־יאָריקער קאַסירערין עליזה! גרויס שטוינונג און קנאה, האָבן דאַן אויסגעדריקט די פּנימער פון די באַאַמטע און, אַז ס'האָט ווער פון פאַרדרוס אַ זאָג־געטאָן: אָ דאָס הייסט אַ בר־מזל! — איז דאָס וואָרט „דער בר־מזל", אין געציילטע טעג געוואָרן סאַ־מועלס צונאָמען, מיט וועלכן מ'האָט זיך אָנגעהויבן באַנוצן אַפילו אין זיין אָנוועזנהייט.



דאָס צוזאַמענלעבן פון שמואל פעלדשטיין מיט זיין פרוי עליזה — איז געווען אַ זייער גוטס, אָן אַ פּגם. אין זייער הויז — וואָס איז געווען אַן אָפענע טיר פאַר פריינד — האָט שטענדיק געהערשט אַ געמיטלעכע היימישקייט און גאַנץ אָפט — אַן אָנ־שטעקנדיקע פריילעכקייט. יאָרן האָבן זיך גערוקט, און אינעם לויף פון דער צייט האָט עליזה געבוירן צוויי קינדער — מיידלעך. נאָכן געבוירן פונעם ערשטן קינד, האָט זי אויפגעגעבן די אַרבעט אַלס קאַסירערין אין דער פירמע, בכדי צו אָפּגעבן זיך מיטן ניי־געבוירענעם און מיט דער ווירטשאַפט.

מאַן און ווייב האָבן ווי פריִער, אויפגענומען געסט פון צווישן די אָנגעשטעלטע און אַנדערע פריינד. אָן אָפּצווייכן אויף אַ טראָט, איז דאָס לעבן געפלאָסן ווי אַ טייכל אין זיין בעקן. מיטן דאַזיקן רויִקן פליסן פון דער צייט, זענען געוואַקסן ביידע קינדער און שוין געווען צוויי שיינע מיידעלעך פון זעקס און אַכט יאָר און, שמואל פעלדשטיין איז אין לויף פון דער דאָזיקער צייט דערהויבן געוואָרן אין זיין פונקציע און אינעם געהאַלט, אין דער אָנגע־זעענער פירמע „ווייס און גרין".

איינמאָל ווען שמואל און זיין פרוי האָבן זיך געגרייט אויף

אַ פֿייערלעכן אופֿן אָפּצוצייכענען דעם אַכט־יאָריקן געבוירן־טאָג פֿון זייער עלטער מיידעלע, איז מיט אים עפּעס געשען: געשטאַנען אין באָד־צימער און זיך ראַזירט, האָט ער אַריינקוקנדיק אין שפּיגל, צום ערשטן באַל באַמערקט אויף זיין קאָפּ, אַ סך זילבער־גראָע האָר. צוגעפֿירט אים נענטער צום שפּיגל, איז ער געבליבן שטיין מיט פֿאַרוואונדערטע, אויפֿגעריסענע אויגן — פֿון דער אומ־היימלעכער אַנטפּלעקונג. ער האָט זאָרגפֿעליק גענומען באַטראַכטן זיין אין דער העלפֿט ראַזירט פּנים און, זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אומבאַקאַנטן געוויס טיפֿן קנייטש, וואָס האָט זיך געצויגן פֿון דער רעכטער שלייף ביז איבער דער לינקער ברעם און, אונטער די מאַטלעכע מידע אויגן, האָבן אַראָפּגעניִדערט בלאָסע, אויפֿגע־לאָפּענע פֿענכערלעך. בכדי צו שיצן זיך קעגן דער ווירקונג וואָס דאָס פּלוצעם אַנטפּלעקטע האָט אויף אים געמאַכט, האָט ער אויפֿ־געצוווּנגען דעם געדאַנק צו גיין אין דער ריכטונג, אַז אין פֿאַר־גלייך מיט דעם און יענעם פֿון צווישן זיינע באַקאַנטע און פֿריינד, איז ער מיט זיינע איינאונפֿופֿציק יאָר, אַ נאָך גענוג יונגער מענטש און, אַז ס׳איז נאָך נישט צו שפּעט „זיך צונעמען אין די הענט אַריין״. אָבער באַלד האָט אים אַ צווייטער געדאַנק דערמאָנט: פֿאַרגעס נישט, אַז דו ביסט דאָך מיט צוויי־און־צוואַנציק יאָר עלטער פֿון דיין שיינער און יונגער פֿרוי...

צוליב אָט דער נישט פֿריילעכער מחשבה, וואָס איז אים נישט געקראָכן אין קאָפּ, בעת דער חתונה מיט עליזה׳ן, נאָר אַפֿילו זייער שטאָלץ געווען דערמיט און זיך געזען צווישן זיינע — מיט אַ סך יאָרן יינגער — האָט שמואל פֿעלדשטיין, מיט יעדן טאָג, גענומען זיך זען אַלץ עלטער, און עליזה׳ן אַלץ יינגער און שענער און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן מערן אין אים אייפֿערזוכט־מחשבות, וואָס האָבן גענומען ברענען אין זיין האַרץ ווי מיט אָנגעגליטע נאָדלען... אויף אַ באַהאַלטענעם אופֿן פֿלעגט ער ביי יעדער געלעגנהייט, נעמען נאָכקוקן יעדן זשעסט אָדער בליק פֿון זיין פֿרוי, בעת זי האָט געשמועסט אָדער זיך געפֿונען בלויז אין

דער אַנוועזנהייט פון יונגע מענער. יעדעס מאָל ווען ס׳איז איר אויסגעקומען צו דערלאַנגען די האַנט אַ ייִנגערן פון אים — האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז איר האַנטדרוק איז שטאַרקער ווי ער וואָלט געדאַרפט זיין... אָדער, אַז זי האַלט יענעמס האַנט אין אירער, לענגער ווי ס׳איז אָנגענומען, אַז אינעם עטוואָס פאַר־זשמורעטן בליק פון אירע בלאָע אויגן ליגט עפּעס מער ווי סתם פריינטלעכקייט און, אַז אינעם שמייכל וואָס פּילט אויס בעת מעשה אירע ביידע מויל־ווינקלען — ליגט עפּעס נישט דערזאָגטס אָדער צוזאָגנדיקס...



די ערשטע צוויי וואָכן פון געפינען זיך צוליב זיין קראַנקייט, אין שטוב — איז שמואל פעלדשטיין, וואָס האָט ליב געהאַט זיך צו רופן סעמועל — געלעגן גאַנצע טעג אין בעט, און אין די אָוונט־שעה׳ען געזעסן צוזאַמען מיט אַלע ביים טיש, וואָס איז צוליב זיין קראַנק ווערן, — מער ווי שטענדיק, נישט פריי געווען פון קיין געסט, ביקור־חולים־געסט פון דער פירמע „ווייס און גרין” און סתם פריינד. אָנטייל גענומען אין די שמועסן אַרום טיש, ביי דער טיי און אין קאָרטן־שפּיל. און בעת מעשה, פון די קאָרטן אַפּער, געוואָרפן באַהאַלטענע בליקן צו זיין פרוי און צו זשאַקן — דעם אָנגעשטעלטן אין דער פירמע „ווייס און גרין” — וואָס לאָזט זיך הערן מיט זיינע וויצן, פון וואָס עליזה פאַרגייט אין אַ שטאַרק געלעכטער. אויף אָט דעם, ייִנגערן פון זיך, זשאַק, האָט שמואל פעלדשטיין, אַ גרויס פאַרדאַכט. ער וואָלט געשווירן, אַז שטענדיק זעט ער אים זיצן נעבן זיין פרוי. איר צעקייכן זיך פון זשאַקס יעדן וויץ — האָט אים יעדעס מאָל אַ שאַרפן ברי־געטאָן אין האַרץ. אַ פאַרפרעסטער פון נאָגנדיקע פאַרדאַכטן, זוכט ער פון ביידן אויסצובאַהאַלטן זיין קרענקלעך פאַרצערט פּנים — קוקט בעת מעשה אַראָפּ צו די פיס פונעם טיש און — גלעט

דעם קאָפּ פון זיין גרויסן הונט נערא, וואָס ליגט נעבן אים מיט אויסגעצויגענע לאַפּעס, און קוקט אַרויף צו אים אַ פּאַראומערטער.

נישט איין מאָל דערוועקט זיך אין שמואלן אַ הייס פאַרלאַנג, אַ באַפעל־צו־טאָן דעם גרויסן הונט: נעם אים, נערא! נעם דעם אויסוווּרף! אָבער דער דאָזיקער פאַרלאַנג האַלט בלויז אָן אַ סעקונדע און — ס׳קומט אַ צווייטער: לאָמיך נאָר ווידער אָנהייבן אַרבעטן! וועט ער ביי מיר קיין האַניק נישט לעקן!...



די קראַנקייט פון שמואל פעלדשטיין האָט שוין אָנגעהאַלטן די פערטע וואָך. זיין פּנים איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ מער איינגעצערט און דער בליק פון די אויגן — אַלץ אָנגעשטרענגטער, ווי ער וואָלט זיך מיט מי איינגעקוקט אין יעדן און אין יעדער זאַך. ער איז אָבער, ווי פריִער אין די אָוונטן, ווען די פּקידים פון דער פירמע און סתם פריינד זענען אים געקומען מבקר־חולה־זיין — ווייטער געזעסן מיט אַלעמען ביים טיש.

אין אַ דריי וואָכן שפּעטער, ווען שמואלס פריינד זענען אים געקומען מבקר־חולה־זיין און זיך געוווּנדערט וואָס מ׳זעט אים נישט ביים טיש — האָט עליזה צוגעפּירט דעם ווייז־פינגער צו די ליפּן און אָנווייזנדיק צום שלאָפצימער — געזאָגט: ער שלאָפט היינט לענגער ווי יעדעס מאָל און ר׳האָט געבעטן, נישט איבער־וועקן אים אפילו אויף צו נעמען די רפואה פונעם דאָקטער. האָט מען זיך דערוויל צוגעזעצט צום טיש, זיך געלאָזט מכבד־זיין מיט אַ גלאָז טיי און פאַרבייסעכץ און לסוף — זיך גענומען צום טעשל קאָרטן. מ׳האָט זיך געהאַלטן שטילער ווי יעדעס מאָל — ווי עס פּאַסט ווען אין אַ צווייטן צימער ליגט אַ קראַנקער. ס׳האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט ווי די געמיטער אַרום טיש האָבן ביים קאָרטן־שפּיל זיך צעהיצט און, אינגאַנצן פאַרגעסן דעם קראַנקן, זענען די טענער אַלץ העכער געשטיגן און עליזה האָט גענומען

אומגעצוימט קייכן פון זשאַקס וויצן — האָט דערפאַר קיינער נישט געהערט און נישט געזען, ווי די טיר פון שלאָפצימער האָט זיך שטיל געעפנט און שמואל פעלדשטיין — אַ טויט בלאַסער און צעשויבערטער, איז מיט נישט זיכערע ,שלאַבעריקע טריט, און מיט אַן ערגעץ־ווו פאַרטראָגענעם בליק — אַריינגעקומען אינעם אויפנעמצימער — בלויז אין אַ נאַכט־העמדל ביז די קני...

דערזען אים פלוצעם אין אַזאַ צושטאַנד — האָבן אַלע אַרום טיש, ספּאָנטאַן אויסגעשאָסן אין אַ הילכיק געלעכטער, וואָס איז אויך אַזוי ספּאָנטאַן — פאַרשטומט געוואָרן, ווען פעלדשטיין איז צוריק אַרויסגעגאַנגען. נישט לאַנג נאָך זיין אַרויסגיין, האָט זיך הינטער דער טיר פונעם שלאָפצימער געהערט אַ שטיל קינדיש געוויין פונעם „בר־מזל", און אַ שטיל וואַיען פונעם הונט...

# מיין וועקזייגער

אין אַ זומערדיקן נאָכמיטאָג, עטלעכע וואָכן נאָך מיין עולה־זיין מיט מיין ווייב און צוויי קינדער קיין ארץ־ישראל, איז צו מיר אַריינגעקומען אין שטוב, אין קרית־חיים, אַ פריינד (ווי זאָל איך אַנדערש אָנרופן אַ מענטש, וואָס אינגאַנצן אומבאַקאַנט, קומט ער אַריין מיט אַ פריילעכן „ברוך־הבא" זען ווי עס לעבט זיך אַ נייעם עולה) ? און, אַרומגעקוקט זיך אויף מיין קונציק אויסמעבלירטן צימער פון מאַראַנצן־קעסטלעך, — האָט ער אַ זאָג־געטאָן:

— פיין! זייער פיין! איר זענט שוין אַ האַלב איינגעוואָרצל־טער אין לאַנד! ווי כ׳זע, זענט איר אַ מענטש מיט איניציאַטיוו! מ׳יט אַ „סמיקאַלקע"!

זיך ווידער אַמאָל אַרומגעקוקט איבערן „אויסמעבלירטן" צי־מער — האָט ער אַ פיר־טוענדיק מיטן ווייז־פינגער אַרום זיך, מיר דערקלערט:

— איר זעט, איין זאַך פעלט דאָ!

— בלויז איין זאַך ?... פרעג איך מיט אַ שמייכל.

— יאָ, די הויפּט־זאַך! — ס׳איז דאָ צו שטיל ביי אייך.

פאַלט מיר איין, אַז ער וויל מיר זיין אַ שדכן און, כדי אים אַרויסצונעמען פונעם טעות, דערקלער איך אים, אַז מיינע קינדער שפּילן זיך אינדרויסן און, אַז מיין פרוי פּאַרעט זיך איצט היגטערן פענצטער מיט פאַרזייען אַ מערל, אַ ציבלקע און אַ פּאָמידאָרל...

— ניין, נישט דאָס האָב איך געמיינט — האָט ער פאַרשטאַ־נען מיין אָנצוהערעניש און מיר איבערגעריסן: דאָ פעלט ביי אייך דאָס קלאַפּן פון אַ זייגער! — האָט ער אַ זאָג־געטאָן מיט אַ טאָן

פון אַ דאָקטער, וואָס דערקלערט זיין פעסטגעשטעלטע דיאַגנאָזע.

— אַ וועקזייגער גאָר?! צו וואָס דאַרף אַ נייער עולה אַ וועקזייגער? — האָב איך אים אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג — אַז כ'האָב נישט קיין אַרבעט, איז צו וואָס דאָס אויפשטיין אַזוי פרי.

איר וועט נאָך מיט גאָטס הילף דאַרפן, איר וועט נאָך דאַרפן, לאָזט ער מיך ווייטער נישט ריידן און זאָגט צו מיר מיט אַ גוט־מוטיקן שמייכל:

— כ'וועל אייך געבן אַ געשאַנק. אַ וועקזייגער. כ'האָב צוויי.

געזען מיין פאַרוווּנדערונג, אַז, ער האָט אַזש צוויי וועקזייגערס, האָט ער מיר אין קורצן אויפגעקלערט ווי אַזוי ער איז געקומען צו דעם:

— דער זייגער, וואָס כ'וויל אים אייך געבן אַ געשאַנק, האָט מיין ערשטע פרוי — מיט וועלכער כ'האָב מיט צוויי יאָר צוריק זיך געגט — מיט פופצן יאָר צוריק מיטגעבראַכט מיט איר נדן, פון אירע עלטערן... חתונה־געהאַט מיט מיין צווייטער פרוי — האָב איך געקויפט אַ נייעם וועקזייגער.

— פאַרוואָס — ווייל שטענדיק, ווען כ'האָב אַ קוק־געטאָן אויפן אָפּגעבליאַקעוועטן פאַרגעלטן ציפערבלאַט — האָב איך זיך דערמאָנט אָן איר. ס'איז אָבער אַ גוטער זייגער און ער קאָן אייך נאָך דינען אַ סך יאָרן. ס'איז פון די אַמאָליקע זייגערס! האָט ער מיר דערקלערט מיט אַ דרוק אויפן וואָרט „אַמאָליקע". איר דאַרפט וויסן, אַז אַמאָל האָט מען געאַרבעט שטאַרק, מאַסיוו. נישט ווי די היינטיקע „שפּינגע־דע־גינגעס". אָט האָט מיין זיידע געהאַט אַ זילבערנעם זייגער — וואָס ער האָט באַקומען צו זיין חתונה — האָט ער פאַרמאָגט זיבן פאַרשידענע דעקלעך און געוויגן ביי אַ האַלבן קילאָ... און ער וואָלט, אַפילו, אונטער די רעדער פון אַ לאָקאָמאָטיוו נישט צעבראָכן געוואָרן...

זיך צערעדט וועגן זייגערס, האָט דער אומבאַקאַנטער גאַסט, נישט פאַרגעסן דערציילן מיר אַז דער פּוילישער קעניג זיגמונד,

האָט פאַרמאָגט אַזש פינף און צוואַנציק וועקזייגערס און יעדער האָט געקלונגען אין אַן אַנדערע שעה און מיט אַן אַנדערן קלאַנג און טאַקע, לויט דעם, האָט ער שטענדיק געדענקט, אין וועלכער שעה און מיט וועמען פון זיינע געליבטע, ער האָט אַ „ראַנדעווו״... כ׳מיין, האָט ער מיר געזאָגט מיט אַ כיטרע שמייכל: — אַז איר, וועט אייך דערוויל באַגנוגענען מיט איין וועקזייגער...

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, — באַקומען אים, האָב איך גלייך אין די ערשטע טעג געהאַט דאָס געפיל, ווי איך וואָלט אַריינגע־ברענגט אין שטוב אַ לעבעדיק וועזן. זיין אומאויפהערלעכער טיק־טאַק האָט מיך כסדר גענומען דערמאָנען, אַז די וועלט, דאָס לעבן, — שטייען נישט אויף איין אָרט... דער זייגער, איז מיר מיט יעדן טאָג אַלץ נענטער געוואָרן. ווער שמועסט נאָך, אַז כ׳האָב טאַקע לסוף באַקומען אַרבעט אין חיפער פאָרט און באַ־דאַרפט יעדן טאָג אויפשטיין, ווען גאָט איז נאָך געשלאָפן. איר הערט, מיר האָבן ענדלעך, פונעם טאָג וואָס כ׳האָב באַקומען דעם וועקזייגער, אויפגעהערט צו לעבן אין שטוב בלויז מיט סימנים: אַז מיר האָבן מיטאַמאָל דערהערט אין דער קריה דעם שאַרפן מעטאַלענעם געגרילץ פונעם ערשטן אויטאָבוס וואָס איז געקומען פון חיפה — האָבן מיר געוווּסט, אַז עס איז געוועזן פינף; אַז ס׳האָט זיך דערהערט אין אונדזער געסל דאָס הילכיקע טשאַפּען פון אַ פרוי אין אַ פּאָר צו גרויסע שטעקשיך וואָס האָט געפירט אירע צווילינג־קינדער דערליידיקן זייערע פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן — האָבן מיר געוווּסט, אַז ס׳איז געוועזן האַלב זעקס; אַז ס׳האָט זיך דערהערט איבערן געסל דער אויסגעצויגענער רוף פונעם טער־קישן ייד וואָס איז געפאָרן מיט זיין אייזל און וועגעלע „„ל־ח־ם!! ל־ח־ם!!, האָבן מיר געוווּסט, אַז ס׳איז האַלב זיבן; אַ סימן פון אַ באַשטימטער שעה, איז פאַר אונדז געוועזן דער מילך־טרעגער; דאָס דינע, אייליק־צעקלונגענע גלעקל אין דער האַנט פונעם אייז־מאַן; דער געקלאַנג ווי פון אַ גלאָק פון דער „פּאָזשאַרנע קאָ־מאַנדע״ וואָס האָט ווי אויף אַלאַרם, גערופן די ווייבער אָנכאַפּן

באַפּט פון זײַן אײַזערנעם פּאַס, — געשלעפּט פון אַן אײַזעלע אויף דיניקע פּיסלעך. אַ סימן ווי ס׳האַלט מיטן טאָג, איז אויך געווען דער פּאָסטטו־עגער און דער לאַנגער פּקיד פון דער „תנובה״ אין די קורצע „אתא״־הײַזלעך. באַגעגנט דעם ערשטן — האָט מען געוווּסט — אַז ס׳איז פּופּצן נאָך עלף און דערזען דעם צווייטן נאָך פון דער ווײַטנס (צוליב זײַן הייך), ווי ער שפּרײַזט פון דער אויטאָבוסן־סטאַציע אַהיים אויף מיטאָג — איז קלאָר געווען, אַז ס׳איז צען מינוט נאָך צוועלף.

הקיצור, דער וועקזייגער האָט אונדז איבער צווי יאָר, אַן אַ קרום־צו־טאָן זיך, געדינט מיט איבערגעגעבענער פּינקטלעכקייט ביז... אין אַ געוויסן טאָג, אין יום־עצמאות, גאַנץ פרי אויסגענוצט די געלעגנהייט פון נישט גיין צו דער אַרבעט און וואָס די שכנים — אַלץ אַרבעט־מענטשן — האָבן זיך לענגער דערלויבט צו שלאָפן אַ ביסל, און אַרום איז געווען אַזוי רויק און שטיל —— האָט איך זיך אַוועקגעזעצט פאַרענדיקן מײַנע אַ דערציילונג וועגן דער אַל־מעכטיקייט פונעם מענטש איבער אַלע מינים באַשעפענישן — אַרײַנגערעכנט דעם קעניג פון די חיות — דעם לייב. אַזוי ווי איך זיך אַזוי און שרײַב, האָב איך מיטאַמאָל דערפילט, אַז אַ פליג האָט זיך מיר אַרויפגעשטעלט אויפן שטערן, ווי מיט אַ פאַרלאַנג אַרײַנצוקוקן אין מײַנע אָנגעשריבענע שורות. אַראָפּגעיאָגט זי פון מײַן שטערן, האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט אויף מײַן נאָז. אַראָפּ־געיאָגט פון דער נאָז, האָט די זלידנע פליג געמאַכט אַ קרײַז אין דער לופט רעכטס פון מײַן קאָפּ, און ווי זי וואָלט מיר וועלן אי־בערגעבן עפּעס זייער דרינגענדיקס — מיר אײַליק עפּעס אַרײַנ־געזשומעט אין אויער.

אָפּגעיאָגט זי פון זיך, האָט די זלידנע פליג — מאַכנדיק אַ קרײַז אַרום מײַן לינקן אויער — מיר צום צווייטן מאָל עפּעס אַרײַנגעזשומעט און לסוף, אויסגעווײַלט מײַן אָרעם פון דער האַנט מיט וועלכער כ׳האָב געשריבן — און, גענומען שפּאַצירן לאַנג־זאַם אַהין־און־צוריק... ווײַטער שרײַבן, איז געווען אוממעגלעך.

אַז כ׳האָב דערזען, ווי זי איז אַראָפּ אויף אַ ווײַלע פון מײַן אָרעם און נעמט זיך שפּאַצירן איבער מײַנע אָנגעשריבענע שורות, כדי צו נישט מאַכן מײַן גאַנצע אַרבעט... האָב איך געזאָגט צו זיך: „איצט קומט איר סוף!". כ׳האָב זיך אויפגעשטעלט גאַנץ שטיל און אײַנגעבויגן מײַן האַנט־פלאַך אין דער פאָרעם פון אַ שיפל, און מיט אימפּעט אַ פיר־געטאָן מיט איר איבערן טיש. די פליג האָט אָבער, לײַדער, באַוויזן אַ שוועב־צו־טאָן אין דער זײַט און מײַן וועקזייגער, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש — האָט אַ פלי־געטאָן אינדערלופטן און מיט אַ שטאַרקן בראַזג זיך אָנגעקלאַפּט אָן די באַלאַטן פון דער פּאָדלאָגע...

וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, דער קלאַפּ אין מײַן האַרץ איז געווען שטאַרקער ווי פונעם אַראָפּגעשמיסענעם וועקזייגער. זענט איר דאָך מסתמא זיכער, אַז נישט בלויז ער איז שטיין געבליבן — נאָר אַז ער האָט אויך פאַרלוירן אַלע זײַנע „בעבעכעס" — חס־וחלילה! בלויז זײַן באַקאַליט־הילע האָט געפּלאַצט אין עטלעכע ערטער.

מײַן וועקזייגער איז טאַקע ווידער געגאַנגען. אָבער שוין נישט אַזוי ווי פריִער. ער האָט געגומען, פון מאָל צו מאָל, געבן אַ טענצל, ווי אַ לאָמער בעת ער אײַלט זיך, אָדער אין מיטן גיין: געגעבן פון מאָל צו מאָל אַ פּײַפנדיקן אונטערכריפּ ווי ער וואָלט געהאַט אַ קאָקלוש און אַ ביסל זיך טועה־געווען מיטן קלינגען. נישט קיין גרויס געפאַר — האָב איך זיך געטראַכט — כ׳וועל נישט נעמען גלײַך לויפן מיט אים צום זייגערמאַכער, וואָס וועט גלײַך אויסטראַכטן אויף אים אַ געפערלעכע קרענק און — קוים נעמט ער אים אין דער האַנט אַרײַן — וועט שוין פון אים מער קיין לייט נישט זײַן...

איר הערט, ער איז מיר אָפּגעגאַנגען פרישע צוויי יאָר מיט פאַרשידענע אַלטע און נײַע קאַפּריזן, אויף וועלכע כ׳האָב מיך שוין גוט געקענט. גלויבט מיר יאָ, גלויבט מיר נישט — ער האָט געהאַט אַ קאַפּריז אַ נײַעם — מאַנטיק האָט ער זיך צוגעאײַלט

און פרייטיק — איז ער געבליבן הינטערשטעליק, פאַרוואָס? — זאָל איך אַזוי וויסן פון שלעכטס.

אַז ער איז מיר אינגאַנצן געבליבן שטיין, האָב איך זיך שוין גענומען אים גוט אונטערזוכן, אַוועקגעלייגט אים אויפן טיש מיטן ציפערבלאַט אַראָפּ און מיט אַלע שרייפלעך אַרויף. און איידער כ'האָב באַוויזן זיך צורירן צו אים — האָט ער פון זיך אַליין, גענומען גיין. כ'האָב אים פאַר נייגעריקייט צוריק אויפגעשטעלט און ער האָט זיך מיר ווידער געשטעלט. האָב איך אים צוריק אַוועקגעלייגט מיטן בויך אַרויף און אין אַזאַ פּאָזע, איז ער מיר ווידער אָפּגעגאַנגען פרישע צוויי יאָר. פאַרשטייט זיך, אַז שוין נישט אַזוי גענוי ווי פריער... זיינע קאַפּריזן, האָב איך דאָך שוין געקענט ווי מיינע צען פינגער און, אַז ער האָט זיך מיר אופּסניי געשטעלט, האָב איך אים גלייך איבערגעדרייט מיטן ציפערבלאַט אַראָפּ און די שרייפעלעך אַרויף און — ער איז מיר ווידער אָפּגע־גאַנגען גוטע אַנדערהאַלבן יאָר.

אַז כ'האָב דעם וועקזייגער, אין פאַרלויף פון ווייטערע דריי יאָר, געהאַט שוין אַוועקגעלייגט אויך אויף אַ זייט — אַמאָל אויף דער לינקער, און אַמאָל אויף דער רעכטער, האָט ער לסוף ווידער נישט געוואָלט גיין. האָב איך אים גענומען דער־לאַנגען פעסטע בוכצעס ווו נאָר ס'האָט זיך געלאָזט און לסוף, אויפגעשרויפט אַלע זיינע שרייפלעך, גענומען מיטן גאַנצן כוח פונאַנדערשאָקלען זיין מאַשינעריע. ס'האָבן מיטאַמאָל גענומען אַרויסשיטן זיך פון אים זיינע אַלע מעטאַלענע בעבעכעס, פון צווישן וועלכע ס'איז אַרויסגעשפּרונגען אַ לעבעדיקער זשוק — וואָס איין גאָט ווייסט, ווי אַזוי ער האָט זיך אַהין אַריינבאַקומען.

גלויבט מיר, ווען נישט דער פאַרשאָלטענער זשוק — וואָלט מעגלעך, מיין וועקזייגער נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן — מיר געטריי געדינט...

# ביים ברעג ים

געווען איז עס אין אַ שפּעט־זומערדיקן שבת נאָך מיטאָג אין אַ קיבוץ, ווו כ׳האָב זיך געפונען צו גאַסט ביי פריינט. געוואָלט אַ ביסל באַפרייען מיינע גאַסט־געבער — וואָס נאָך אַ וואָך אַרבעט, האָט זיי געצויגן צו כאַפּן אַ לייכטן דרעמל — בין איך אַרויס זיך דורכשפּאַצירן איבערן שטח פון זייער אינערלעכער טעריטאָריע. אויסגעמאָסטן זי אין דער לענג און אין דער ברייט און באַטראַכט יעדעס ווינקעלע, האָב איך לסוף אַראָפּגענידערט צום נישט־ווייט־ליגנדיקן ים־ברעג.

אַ פּאַרלאַקטער פון דער ים־שיינקייט האָב איך פאַרביי־געשפּאַנט די זיך־באָדנדיקע און אויסגעלייגטע יונגע מענטשן אויפן זאַמדיקן ברעג און מיין בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אַרויסשטאַרדנדיקן פעלדז וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן פונעם וואַסער. צוויי מענער־געשטאַלטן אין באָד־הייזלעך, וואָס זייערע אָפּגעברוינטע גופים האָבן זיך געגילדט אונטער דער זון, האָבן זיך דאָרט געפּאָרעט מיט לאַנגע שטעקנס. געוועגדט מיינע טריט צום אַרויסשטאַרדנדיקן פעלדז און צוגעקומען — האָב איך געזען ווי זיי וואַרפן אין ים אַריין לאַנגע ניילאָן־פעדים, צוגע־פעסטיקטע צו לאַנגע וואַסער־ראָר־שטעקנס (שטשינעס) און, צופוסנס פוןביידע, שטייט אַ רונדיק געפלאָכטן קויבערל אין וועלכן ס׳האָבן ליכטיק געזיבערט קליינע פישלעך מיט ראָזלעכע פיסקלעך און מיט אַ דינעם רויטלעכן שטריך אַרום זייערע בלאָע, ווי פאַרשטיינערטע אייגעלעך. נישט ווייט פונעם קויבערל, איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ ווייס שטיק לייוונט און אויף אים

אַ שטיק ברינדזע־קעז, עטלעכע פּיתות, אַ פלעשל משקה און דערביי אַ טראַנזיסטאָר, וואָס האָט געלאָזט הערן וויינענדיקע, אַראַבישע ניגונים.

אַריינגעשטופּט די לאַנגע שטשינע־שטעקנס צווישן די שפּאַלטן פונעם פעלדז און זיך אויסגעדרייט אין מיין זייט, האָבן ביידע מעגער מיך באַטראַכט מיט נייגער. ביידע זענען שטאַרק ענלעך געווען איינער צום צווייטן. אונטערגעשיידט זיי האָט בלויז די עלטער און דער קערפּער־געבוי. זיי זענען געווען מער פון מיטעלן וווקס: טונקל־ברונעטע, מיט עטוואָס געהויקערטע גריכישע נעז; פעסטע קין־באַקן און עטוואָס אַרויסשטאַרנדיקע אויגן. דער יונגער, פון אַ יאָר דרייסיק, איז געווען אַ שלאַנקער און דער צווייטער, איבער די זעכציק — האָט געהאַט אַ גוף פון אַ הערקולעס: אַ פעסטן קאַרק, צוויי מעכטיקע אָרעמס און אַ ברייטע, פאָרויסשפּאַרנדיקע, טאַטואירטע ברוסט.

אַ ווײַלע האָבן מיר זיך קעגנזייטיק באַטראַכט, איך — דעם ריז נעבן וועלכן כ׳האָב זיך געפילט ווי אַ פיזישע מינדערווער־טיקייט, און ער — מיך, מסתמא, ווי כ׳האָב זיך געזען אַנטקעגן אים... — האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט צום „געדעקטן טיש” און איך, געזען אַז זיי פאַרנעמען זיך צו עסן — בין איך צו צום וואַסער זען, ווי די נאַרישע פישלעך, לאָזן זיך צוליב אַ ווערעמל כאַפּן אויף דער ווענדקע...

מיטאַמאָל האָב איך דערהערט הינטער זיך אַ פעסטע, ברוסטיקע שטים: „האַללאָ אדון!” זייט אַזוי גוט! — האָט ער זיך געווענדעט צו מיר — אויב דער לויתן וועט נעמען ציען איינע פון די ניילאָן־פעדים, וועט איר, גלייב איך, מיר זאָגן.

פאַרשטאַנען, אַז דאָס שפּאַסט ער מיט מיר אַזוי ווי מיט אַ גרינעם אין פיש־פאַנג, האָב איך אים שפּאַסיק געענטפערט, אַז כ׳וועל אים אויך זאָגן ווען דער לויתן וועט איינשלינגען דעם ניילאָן־פאָדעם צוזאַמען מיטן לאַנגן שטעקן.

בראַוואָ! בראַוואָ! — האָט ער מיר אַפּלאָדירט מיט אַ טיפן

באַס און, צוריק זיך געגומען צו דער אכילה. אין מיטן דער סעודה האָט דער יונגער, זיך אויפגעשטעלט און אַוועק. דער ענלעכער צו אַ ריז געבליבן אַליין — האָט מיך דער צווייטער פאַמילאַר פאַרבעטן צו זיך און כ׳האָב זיך צו אים צוגעזעצט.

ער האָט מיך אַ ווײַלע זײַטיק באַטראַכט מיט זײַנע אַ ביסל אַרויסשפּאַרנדיקע אויגן און אַ זאָג־געטאָן:

— דער, וואָס איז געזעסן מיט מיר, איז מײַן זון. ער האָט זיך אַהיימגעאײַלט צום ווייב און קינדער. איך האָב נישט צו וועמען זיך אַהיימצואײַלן... מײַנע קינדער זענען שוין אַלע אויסגעגעבענע, זיי האָבן שוין אַליין קינדער און מיך, האָט מײַן צווייטע פרוי פאַרלאָזט ווען זיי זענען נאָך געווען קליין. כ׳האָב צו שטאַרק געזאָרגט פאַר זיי — האָט זי געזאָגט. לייענען קען איך נישט און, אין שטוב איז דושנע — זיץ איך דאָ, כאַפּ פישלעך און הער מיר ראַדיאָ — האָט ער מיר אָנגעוויזן אויפן טראַנזיסטאָר. „מאַך אַ קויסע״ — האָט ער פלוצעם אַ זאָג־געטאָן צו מיר אין אַ גויאישן יידיש, און, זיך פאַרנומען אַרײַנגיסן פאַר מיר אין אַ גלאָז אַ ביסל „שטאַרקס״.

כ׳טרינק נישט קיין אַלקאָהאָל! האָב איך געענטפערט.

— האָ? אַזוי גאָר! ביסטו הייסט עס, אַן אינטעליגענט? — האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט ביטול און מיר פאַרגעשלאָגן נעמען אַ פּיתה, אַ רויט פּעפערל און אַ שטיקל ברינדזע.

אַ דאַנק! — האָב איך אים איבערגעבעטן פאַר נישט מיט־האַלטן מיט אים — איך עס נישט אָט די זאַכן.

איז פון וואָס לעבט אַ מענטש? — האָט ער מיך נישט געקאָנט פאַרשטיין און צוגעגעבן האַלב אין שפּאַס און האַלב מיט מיט־געפיל:

— איז, ניסט איר מסתמא ווי אַ קאַץ... אויף שטאַרקער, האָט איר זיכער קיין כוח נישט...

איז ווי לאַנג פאַרנעמט איר זיך שוין מיט פיש־פאַנג? — האָב איך סתם געפרעגט בכדי אַריבערצופירן דעם ווערטער־אויסטויש אויף אַנדערע רעלסן.

— איר קענט דען מיך? — האָט ער זיך גענטער צוגערוקט צו מיר.

— ניין. פון וואַנען?

— איז פון וואַנען ווייסט איר אַז כ׳האָב זיך פאַרנומען מיט פיש־פאַנג?

— כ׳מיין אָט דאָס, מיט וואָס איר פאַרנעמט זיך איצט.

— אָט דאָס רופט איר אָן פיש־פאַנג?! — האָט ער זיך צעלאַכט, אַז זיינע מעכטיקע אברים האָבן זיך צעהוידעט. ביי מיין אַמאָליקן פיש־פאַנג — האָט ער נישט אויפגעהערט צו קייכן — איידער כ׳בין געוואָרן אַ פענסיאָנער, פלעג איך מיט מיינע נעצן, נישט איין מאָל אַרויסציען אָט אַזאַ „סטינקעלע״ — האָט ער פונאַנדער־געשפרייט זיינע מעכטיקע אָרעמס און צוגעגעבן: „נישט איין מאָל האָט אַזאַ סטינקעלע, שיער נישט געהאַט אייער וואָג... פאַרקוקט אַ ווײַלע צום ימיקן האָריזאָנט — האָט ער פלוצעם אויסגערופן פול מיט בענקשאַפט: „פופציק יאָר האָט מיך דער ים מפרנס געווען! פופציק יאָר, האָב איך אויף אים געלעבט!

ס׳האָט מיך פאַרוווּנדערט די סענטימענטאַלקייט פון אַ מענטש מיט אַזאַ קערפּער־געבוי און אַזאַ פיזיאָנאָמיע. די סענטימענטאַל־קייט פון אַ מענטש, וואָס צוליב דער גרויסער איבערגעגעבנקייט צו זיינע קינדער פון ערשטן ווייב, וואָס איז אים געשטאָרבן, האָט ער פאַרליב גענומען דאָס פאַרלאָזן אים דורך דער צווייטער פרוי.

אָפּגעווענדט דעם בליק פונעם האָריזאָנט, האָט ער מיר גענומען דערציילן וועגן זיין פאַמיליע־לעבן. אַז ער האָט זעקס זין און צוויי טעכטער. אַז פון די זעקס זין, וואָס האָבן, ווי ער, זיך פאַרנומען מיט פיש־פאַנג און אָנגעהערט צום זעלבן קאָאָפּעַ־ראַטיוו וואָס ער, זענען בלויז צוויי געבליבן ביי דער דאָזיקער פרנסה. אַז די איבעריקע, האָבן צוליב זייערע ווייבער — וואָס זענען געוואָרן מאָדערן און נישט געוואָלט מער טאָג־איין טאָג־אויס עסן פיש, און פלוצעם מורא באַקומען פאָרן ים — זיך אַריינ־געלאָזט אין אַנדערע פרנסות. ביי אונדז, אין סאַלאָניקי, איז אַזעל־

כעס נישט געשען — האָט ער מיר אויפגעקלערט. די קינדער זענען געגאַנגען אין די פוסטריט פון די עלטערן, אָבער ביי מיין טאַטן, זענען געווען בלויז צוויי זין, און טעכטער — זיבן. און — אַרויס־ציענדיק פון אַ לעדערן זעקעלע אַ שווערע, מיט קופער־באַצירטע פייקע, האָט ער זי אָנגעפילט מיט טאַבאַק־בלעטער, אָנגעצונדן און אַ פעסטן ציי־געטאָן, און ווייטער געצויגן: גענומען מיין צווייט ווייב — וואָס איז געווען אַ קינדער־לאָזע אלמנה — האָב איך, ווי איר ווייסט שוין, צוליב מיינע נאָך גאַנץ יונגע קינדער. געטראַכט, אַז אַ פרוי אָן עקרה, וועט לפי שכל, זיך באַציִען צו אירע שטיף־קינדער, אויב נישט ווי אַן אייגענע מאַמע, איז לכל הפחות, מענטשלעך. ס׳איז אָבער אַזוי נישט געשען ווי כ׳האָב געטראַכט און, כ׳האָב פאַר גוט־גענומען דאָס וואָס ס׳איז געשען.

כ׳פאַרשטיי, — האָב איך געזאָגט — אַז אויב ס׳איז געשען דאָס, וואָס ס׳איז געשען, איז ביי אייך קיין גרויסע ליבע נישט געווען.

ריכטיק! — האָט ער אויסגערופן מיט גרויס צופרידנקייט וואָס כ׳האָב אים צוגעטראָפן. זי האָט מיט מיר חתונה־געהאַט צוליב דעם, וואָס כ׳האָב נישט שלעכט פאַרדינט און איך — ווייל כ׳האָב געדאַרפט האָבן אַ מענטש צו די קינדער און אַ באַלעבאָסטע אין שטוב. — פרויען האָבן מיר נישט געפעלט...

מיין מיטשמועסער האָט מיך גענומען אינטערעסירן און כ׳האָב אים געפרעגט:

— נו, ווי איז עס געווען מיט אייער ערשטער פרוי? — האָט איר חתונה געהאַט מיט איר נאָך אַ געפירטע ליבע?

כ׳ווייס נישט ווי עס אייך צו זאָגן... מיר זענען געווען שכנים פון איין געסל. איך בין געווען יונג און שטאַרק און אַ גוטער פאַרדינער און זי — אַ יונגע פעסטע מויד, וואָס האָט מיר מיט איר וווּקס און שטאַלטנעקייט אויסגעזען צו זיין אַ פעיקע אויף צו האָבן געזונטע קינדער, וואָס וועלן דאַרפן ווערן פישערס, אָדער ווייבער פון פישערס און זי וועט מיר זיין אַ גוטע באַלעבאָסטע. איר

דאַרפט וויסן, אַז ביי מיין זיידן, פון טאַטנס צד, זענען געווען דרייצן קינדער, דערין פיר מיידלעך, און אַלע זיין האָבן געאַרבעט אויפן ים. און אַז מ׳האָט געזען מיך צו אָפּט שמועסן מיט דער מויד, איז מיין טאַטע מיט דער מאַמען אַוועק צו אירע עלטערן און מיר האָבן געשטעלט אַ חופּה.

צי האָט איר פאַר דעם קיינמאָל נישט געפירט קיין שטיקל ליבע מיט אַ מיידל? — האָב איך אים שוין צו דרייסט — צוליב זיין אָפנקייט אינעם שמועס — געפרעגט.

— יאָ, ס׳איז געווען ביי מיר פאַר דעם אַזעלכעס, ווי איר רופט עס... „געפירט אַ ליבע” און, ביז היינט צו טאָג, קאָן עס מיר נישט אַרויס פון זכרון.

ער האָט אַ פעסטן צי־געטון פון זיין שווערער פּייקע, ווי ער וואָלט דער׳מיט געוואָלט דערנענטערן אין זיין זכרון דאָס, וואָס איז געשען מיט צענדליקער יאָרן צוריק, און גענומען דערציילן:

— יאָ, ס׳איז ביי מיר געווען עפּעס מער ווי אַזעלכעס... כ׳מיין אָבער, אַז אַנדערש ווי ביי לייטן. כאָטש כ׳האָב שוין געהאַט צוויי ווייבער, אַלע קינדער אויסגעגעבן און, כ׳בין שוין אַ זיידע פון מערערע אייניקלעך, קאָן איך עס ביז היינטיקן טאָג נישט פאַרגעסן.

— כ׳בין דאַן געווען אין עלטער פון אַ יאָר צוויי־דרייאונ־צוואָנציק. געווען איז עס צוויי יאָר פאַר מיין חתונה מיטן ערשטן ווייב, אַ טיר אַנטקעגן אַ טיר מיט מיינע עלטערן, האָט זיך אַריינ־געקליבן אַ מיטליאָריק פּאָרפאָלק מיט אַן איין־איינציקער, זייער שיינער, יונגער טאָכטער. געקומען זענען זיי ערגעץ פון אייראָפּע און געווען שטילע רויִקע מענטשן. זיי האָבן אינגאַנצן זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין אונדזער שטאָט־פּערטל אין וועלכן ס׳האָט געהערשט די פּויסט, זנות, און געווען די מלינה פון דער אונטער־וועלט. פון וועלכער מדינה אין אייראָפּע זיי זענען געקומען און פון וואָס זיי האָבן געלעבט — האָט אַ לענגערע צייט קיינער, אפילו מיינע עלטערן, נישט געוווּסט. מ׳האָט פאַרשטאַנען, אַז קוים

וואָלטן זיי געוועזן פאַרמעגלעך, וואָלטן זיי זיך באַזעצט אין דער אויבערשטער טייל פון דער שטאָט. דער ראש פון דער קליינער משפחה — אַ מאַן איבער די פערציק, אַ גאָלד־בלאָנדער מיט אַ פרואיש פנים, וועלכן מען פלעגט אונטער די אויגן רופן „דער בלאָנדער אשכנזי" — פלעגט כמעט שטענדיק זיך געפינען אין דער אייבערשטער שטאָט, וואַהין ער פלעגט אַוועקגיין יעדן אָוונט און צוריקקערן זיך אין די פרימאָרגן־שעהען מיט אַ רענצל שפּייז. דערוווּסט זיך, אַז ער איז אין דער אייבערשטער שטאָט געווען אַ נאַכט־וועכטער און, אַז אין זיין אָרעמער שטוב האָבן זיך געפונען מער ביכער ווי אין אונדזער גאַנצן שטאָט־פערטל צוזאַמען — האָט מען זיך ערשט דאַן, ווען דער „העלער אשכנזי" איז אין אַ געוויסן טאָג, נאָך אַן אָפּווייגען אַ האַלב יאָר צייט, געשטאָרבן פון אַ פאַרקילונג וואָס ער האָט אַריינגעכאַפּט אין איינער פון די שווערע ווינטער־נעכט, איבערלאָזנדיק זיין פרוי און יונגע טאָכטער אָן מיטלען צום לעבן.

פאַרענדיקנדיק דאָס ביסל משקה וואָס איז געבליבן אין פלעש־של, האָט ער איינגענעצט מיט די לעצטע טראָפּנס דריי פינגער, אַ פיר־געטאָן מיט זיי אַרום די ליפּן און ממשיך־געווען: אַזוי, מיין פריינט ... אַז מיין טאַטע האָט געזען אַז די אלמנה איז געבליבן אָן אַ פרנסה־געבער, האָט ער קודם כל געזען אַז איר שטוב זאָל זיין וואַרעם, ס'זאָל נישט פעלן קיין פיש און — געהערט אַז זי האָט אַן אַלטע ניי־מאַשין און קען נייען — געזען אַז די מאַמאַ, ווי אויך די אַרומיקע שכנים פונעם געסל, זאָלן געבן דער אלמנה עפּעס צו פאַרריכטן, אָדער אויפצונייען. די נאָך גאַנץ יונגע אלמנה האָט נישט געוווּסט ווי אָפּצודאַנקען מיין טאַטן און דער מאַמען.

אין איינעם אַ טאָג, צוריקגעקומען פונעם פיש־פאַנג, האָב איך אָנגעטראָפן זיצן ביי אונדז אין שטוב די שכנה, די אלמנה, וואָס האָט זייער אַ פאַרדאַגהטע, מער מיט די הענט ווי מיטן מויל, עפּעס דערציילט דער מאַמען מיינער. ווען די שכנה איז אַוועק, האָט מיר די מאַמע איבערגעגעבן וועגן דער סיבה פון דער אלמנה'ס

פאַרזאָרגטקייט און מורא. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן איר שיינער זיבעצן־יאָריקער טאָכטער, וואָס פאַרשידענע אונטערוועלט־טיפּן פון דער געגנט, האָבן לעצטנס געוואָרפן אויף איר אַן אויג און גענומען זי אומאויפהערלעך פאַרפאָלגן. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דאָס מיידל האָט מורא באַקומען צו ווייזן זיך אין גאַס.

אַזוי ווי כ׳בין נישט געווען קיין מפּל־קינד און געקענט אַלע אונטערוועלט־לייט פון דער געגנט, בין איך גלייך אין זעלבן טאָג אַריין צו דער שכנה די אלמנה און געזאָגט:

— הערט שכנ׳טע, אייער טאָכטער קאָן דאָך נישט זיצן כסדר אין שטוב, איך נעם זי היינט מיט מיר אויף אַ שפּאַציר. איר וועט זען, אַז די דאָזיקע לייט וועלן גאַנץ שנעל אָפּשטיין פון איר.

די שכנה האָט מיך אָנגעקוקט מיט נישט פאַרשטייענדיקע אויגן און נישט געוווּסט וואָס מיר צו ענטפערן. כ׳האָב איר אויפגעקלערט, אַז קוים וועט מען זען איר טאָכטער שפּאַצירן מיט מיר איינקיע מאָל אין גאַס, וועט מער קיינער נישט וואַגן אויף וועלכן ס׳איז אופן זי צו באַלעסטיקן. אַזוי איז טאַקע געווען. חברה האָט פאַרביסן די ליפּן, און די אויגן זענען ביי זיי שיער נישט אַרויסגעקראָכן פון קאָפּ. זיי האָבן געהאַט אַ סיבה מיך מקנאה צו זיין. די זיבעצן־יאָריקע טאָכטער פון דער אלמנה איז מיט איר שיינקייט נישט ענלעך געווען צו קיין שום מיידל פון דער געגנט. זי איז געווען פון מיטעלן וווּקס, אַ גאָלדיק־בלאָנדע און מיט אַ פּנים און פיגור, נאָך שענער פון די לאַלקעס וואָס זענען אַרויסגעשטעלט געווען אין די שויפענצטער פון די גרויסע געשעפטן. וואָס זאָל איך אייך זאָגן... — אַן אמתע סירענע. אַ ים־פרוי. ס׳האָט טאַקע מער קיינער פון דער אונטערוועלט נישט געוואַגט אפילו זיך איינקוקן אין איר. זי האָט אָבער נאָך ווייטער, ווי אַן איבערגעשראָקן פייגעלע, געזוכט אין מיר אַ שוץ און גייענדיק מיט איר פון מאָל צו מאָל אין אַן אָוונט אַרויף צו דער אייבערשטער שטאָט, האָט זי נאָך אַלץ זיך געטוליעט צו מיר, אַז כ׳האָב אַזש געפילט איר הייסן אָטעם און די וואַרעמקייט פון איר יונגן גוף. געווען איז איר גוף ווי

אַרומגעשניצט דורך אַ טאָקער און אַזוי לייכט, אַז עס פלעגט זיך מיר אויסדאַכטן, אַז גענוג בלויז אַן עטוואָס שטאַרקערער ווינט זי זאָל פלוצעם נעמען שוועבן אין דער לופט און כ׳וועל זי אויף שטענדיק פאַרלירן...

פאַרשווומען אין דער אַרויסגערופענער דערמאָנונג, האָט דער פישער, דער ריז, פאַרגעסן אַן זיין פאַרוואָרפענער ווענדקע און אָנגעצונדן די פריש אַריינגעשטופטע טאַבאַק־בלעטער אין דער פייקע, מיך באַטראַכט ציִ כ׳הער זיך אויפמערקזאַם צו, און ווייטער געצויגן...

כ׳ווייס נישט ווי דאָס צו זאָגן... כ׳האָב זי געזען ווי נישט פון אונדזער וועלט... ס׳האָבן איר בלויז געפעלט אַ פאָר ווייסע פליגל זי זאָל זיין אַן אמתער מלאך. כ׳פלעג זיך אויסהיטן צו באַרירן אירע אַזוי לייכטע גלידער מיט מיינע שווערע הענט. כ׳ווייס נישט וואָס האָט איר געקאָנט געפעלן אין מיר? — האָט ער געזאָגט ווי צו זיך, און זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע. כ׳מיין אַז נישט דאָס, וואָס כ׳האָב נישט שלעכט פאַרדינט און אוודאי אויך נישט מיין גרויסע שיינקייט... כ׳מיין, אַז געווען איז עס צוליב מיין פריי זיין פון יעדער מורא און פונעם באַוווּנדערן מיין גרויסן פיזישן כוח, וואָס כ׳האָב דאַמאָלט געהאַט. פאַרשטייט זיך, אַז איר מאַמע ווי אויך מיינע עלטערן האָבן געקוקט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג אויף אונדזער גאָר נאָענט־געוואָרענער חברשאַפט. דאָס זעלבע אויך, די אַרומיקע שכנים פונעם געסל. כ׳בין דאַן אויסער אַלעמען, געווען מיט אַ פינף־זעקס יאָר עלטער פון איר. איר הערט, כ׳האָב זי אָנגעהויבן מיטנעמען אויף נישט־ווייטע נסיעות מיט דער פי־שער־שיף און טיילמאָל, ווען כ׳האָב געהאַט פרייע צייט און דער ים איז געווען רויִק, פלעגן מיר אין אַ פאַרנאַכט זיך שיפן אין צווייען, אין אַ קליין שיפל, נישט ווייט פונעם ברעג. ס׳פלעגט איר יעדעס מאָל, בעת אַזאַ שפּאַציר, אַרומכאַפּן אַ קינדערישע פרייד און זי פלעגט אין אַזעלכע מאָמענטן צושטיין צו מיר כ׳זאָל איר געבן צו רודערן מיט די שווערע לאַנגע וועסלעס, וואָס אירע

איידעלע שמאָלע הענט האָבן זיי נישט געקאָנט באַצווינגען. מיט אַ שמייכל פון פאַרדרוס איבער איר נישט־געשיקטקייט, פלעגט זי דאַן אָנשפּאַרן איר קאָפּ אָן מיין ברוסט און מיט פאַרטראַכטע אויגן זיך פאַרקוקן אין דער ווייט.

אויסגעקלאַפּט אויף דער האַנטפלאַך די פּייקע און צוגעגוויגט צו מיר דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט מיר געגאַנגען אַנטרויען אַ סוד, האָט ער געזאָגט:

— ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך ווייט נישט קיין פאַרשלאָפע־נער אין ענין פרויען... אָבער דאָס דאָזיקע זיבעצן־יאָריקע מיידל, וואָס האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן אָן אַלע אַנדערע מיידלעך פון אונדזער געגנט, האָב איך נישט געוואָגט אָנצורירן, אַז ס׳איז דאָך אַמאָל געשען, ווען שיפנדיק זיך מיט איר אין אַ פאַרנאַכט לענג־אויס דעם ברעג און כ׳האָב איר צום ערשטן מאָל, בעת זי האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אָן מיין ברוסט, אַ קוש־געטאָן, האָב איך גלייך באַדויערט. כ׳בין זיכער געווען, אַז זי וועט מיך פון איצט אָן אויסמיידן. ס׳איז אָבער נישט געשען אַזוי. מיט עטלעכע טעג שפּעטער, האָבן מיר זיך ווידער געשיפט, און איר שטימונג איז אַפילו מער ווי יעדעס מאָל, געווען אַ גוטע און שטיפערישע. זי האָט אָפּט אַוועקגענומען פון מיר די ווסלעס און לסוף געבעטן כ׳זאָל שיפן וואָס ווייטער, דאָרט אַהין, ווו מיר זענען נאָך נישט געווען. כ׳בין נישט בכוח געווען איר אָפּזאָגן, און גערודערט צום אָרט וואַהין זי האָט אָנגעוויזן.

דאָ, האָט ער זיך ווידער אַמאָל אָפּגעשטעלט און פאַרהויבן אַרויס דעם שטערן, ווי זיך קלאָרער צו מאַכן די געשעעניש וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין אַ פאַרנאַכט מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ טיפן טרויער:

— געשען איז דאָס אומגליק, ווען דורך אַן אומגעריכטן, אָנגעג־יאָגטן שטורעם־ווינט, האָט אַ צווייט שיפל אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען פיר מיידלעך, זיך פלוצעם אָנגעשטויסן מיט גרויס קראַפט אָן מיין שיפל און ביידע שיפלעך האָבן זיך איבערגעקערט. ס׳האָבן

זיך דערהערט גרויליקע הילף־רופן, כ׳האָב מיט אַלע כוחות גענומען אַרויסשלעפּן די טרענקענדיקע פון די שטורמישע ים־כוואַליעס. אַרויסגעצויגן אַפילו דעם אומדערפאַרענעם רודערער פון צווייטן שיפל. מיטאַמאָל, האָב איך אַ דערשיטערטער, און אין גרויסן פאַרצווייפלונג פעסטגעשטעלט — אַז צווישן די אַרויסגעראַטעוועטע פעלט מיין יונג, גאָלדיק־בלאָנד־מיידל...

יאָ, — האָט ער מיט אַ שווערן זיפץ פאַרענדיקט די טרויעריקע געשיכטע פון זיינע יוגנט־יאָרן און צוגעגעבן: כ׳האָב שוין געהאַט אין מיין לעבן צוויי ווייבער, געהאַט צו טאָן מיט אַ צאָל מיידלעך און פאַרמאָג שוין גרעסערע אייניקלעך, אָבער די, דאָס גאָלדיקע־בלאָנדע מיידל פון אונדזער שכנה די אלמנה, קאָן איך ביזן היינטיקן טאָג נישט פאַרגעסן...

די זון האָט געגומען זיך אַרונטערלאָזן צום מערבדיקן האָריזאָנט. אַלץ מער זיך אונטערגעטונקען אין ים, זיך בלוטיק צעפלאַסן איבער די גרינלעך ־צעגילדעטע, שטילע וועלן.

כ׳האָב זיך מיטאַמאָל דערמאָנט אָן מיינע גאַסט־געבער אין קיבוץ, אַז זיי וועלן זיכער איבערקלערן מיין פלוצעמדיק פאַרשווינדן און, כ׳האָב אייליק אַ דריק־געטאָן די מעכטיקע האַנטפלאַך פונעם אַלטן פישער און זיך געזעגנט מיט אים.

# דער הער שולצע און זיינע „ענגליינס"

די ידיעה אַז דער פון אַלעמען געאַכטעטער בירגער, דער זיבעציק־יאָריקער פרידריך שולצע, האָט דערמורדעט אַן אַכט־יאָריק מיידעלע פונעם יתומים־הויז אין וועלכן ער איז געווען פּרעזעס, האָט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט. ס'איז פאַר יעדן געווען אומגלויבלעך, ממש נישט פאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ גרויזאַמ־קייט, זאָל האָבן אָפּגעטאָן דער פון אַלעמען געלויבטער און אַזוי געשעצטער דירעקטאָר פון דער „ווידעראויפבוי־געזעלשאַפט" הער פרידריך שולצע.

גאָט אין הימל! ווי איז עס מעגלעך געווען! — האָבן בירגער פון דער שטאָט זיך איבערגעגעבן פון מויל צו אויער דאָס נייעס און געהויבן מיט די אַקסלען. זיין גרויסע ליבע צו קינדער איז דאָך ברייט און ווייט באַקאַנט געווען איבער גאָר דער שטאָט!

אויף דער פראַגע וואָס עס הערט זיך אין זיין יתומים־הויז פלעגט דאָך פרידריך שולצע פאַרלייגן פרום זיינע הענט מיט די צונויפגעפלאָכטענע פינגער אויפן בויך, פאַרגלאָצן צום הימל דאָס זעעוודיקע אויג — יעדעס מאָל ענטפערן מיט באַגייסטערונג: אַך, מיינע קליינע, מיינע קליינע? די סינד דאָך וואַרע ענגליינס!

אויך דאָס בעסטיאַליש דערמאָרדעטע קינד, די אַכט־יאָריקע מאַטילדאַ קוויזליך, איז געווען איינע פון זיינע „ענגליינס"...

יאָ, ס'איז שווער געווען פאַר אַ סך בירגער צו גלויבן אַזאַ זאַך אויפן דירעקטאָר פון דער „ווידעראויפבוי"־געזעלשאַפט. דאָס האָט אָבער נישט געקאָנט געזאָגט ווערן פון די, וואָס האָבן דעם הער שולצע געקענט פון דער צייט איידער ער האָט זיך באַזעצט

אין אָט דער שטאָט און זיך געדופן מיט זיין ריכטיקן נאָמען: פריץ היינקע. אָבער די וואָס האָבן געקענט היינקען פון דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן צוליב פאַרשידענע „באַ־גרינדעטע" סיבות נישט געהאַט קיין חשק אַריינצושטעקן זייער נאָז אין דער געשיכטע פונעם גרויזאַמען מאָרד.

פרידריך שולצעס, אָדער פריץ היינקעס פאַרגאַנגענהייט, איז ענלעך געווען צו אַ סך זיינס גלייכן — פאַרשוינען מיט וועלכע עסווימלט נאָך אַלץ אינעם נייעם דייטשלאַנד;

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט. דער טרוים פון דער היטלער־מאַכט וועגן טויזנט־יאָריקן דריטן רייך אונטער דער האַקנקרייץ־פאָן, איז לסוף, צום וויל פון דער מענטשהייט, גיליאָ־טינירט געוואָרן. מיליאָנען מענטשן פון פאַרשידענע לענדער און פעלקער — וועט מיט פריידיקער האָפענונג, ווער מיט אַ פּאָר־שאָטנטן גלויבן און ווער, מיט גרויס אומרו — האָבן געשטראָמט מיט אַלע וועגן, געצויגן צו זייערע היימען, בכדי זיך ווידער צו באַהעפטן מיט זייערע נאָענטסטע און ליבסטע.

פאַרשטופּט טיף אין בוזעם דעם טרוים וועגן אַ טויזנט־יאָריקן דייטשן רייך אונטער דער האַקנקרייץ־פאָן, האָט אויך דער אָפיציר פון דער „זאָנדערקאָמאַנדע" פריץ היינקע, איצט פרידריך שולצע, זיך צוריקגעקערט צו זיין היימאַטשטאָט וואָס ער האָט געטראָפן, — נאָך די מאַסיווע לופט־אַנגריפן פון די אַמעריקאַנער און ענגלענ־דער, — אין חורבות וואָס האָבן באַגראָבן אונטער זיך זיין געליבטע עלזאַ מיט די ווערטפולע מתנות, צוגעשיקטע צו איר פון אָקופּירטן פוילן.

באַוויזן צו אַנטרינען פון די פאַרנומענע געביטן נישט בלויז מיט זיין פעל, נאָר אויך מיט נישט קיין ליידיקע קעשענעס, האָט היינקע־שולצע זיך שנעל איינגעבירגערט אין דער נייער דורך אים אויסגעוויילטער שטאָט און, נישט געניייטיקט זיך אין קיינעמס מאַטעריעלער הילף, איז ער אונטער זיין נייעם נאָמען זייער ווייליק אויפגענומען געוואָרן דורך די דאָרטיקע איינגעזעסענע.

צוליב זיינע נישט קליינע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן, רעפּרעזענטאַבלער הויכער אַטלעטישער פיגור און צוליב דער רונדער שוואַרצער צודעק וואָס האָט פאַרשטעלט דאָס אָרט ווו ס'האָט זיך מיט אַ געוויסער צייט צוריק געפונען דאָס רעכטע אויג זיינס, וועגן וועלכן ער האָט ביי יעדע געלעגנהייט אונטערגעשטראָכן, אַז פאַרלוירן האָט ער עס „פיר'ס פאַטערלאַנד"... — האָבן איינוווינער פון דער שטאָט געזען אינעם הער פרידריך שולצע אַ ווירדיקן און אכטונגווערטן בירגער און, ס'האָבן זיך פאַר אים געעפנט אַ סך טירן.

שולצע האָט געוווסט ווי געהעריק אויסצונוצן די אים אַרויסגעוויזענע סימפּאַטיע און גוטווילִיקייט און, נאָך אַ קורצער צייט געוואָרן אַ פולבאַרעכטיקטער מיטגליד אין דער ניי־געגרינדעטער געזעלשאַפט פאַר ווידער־אויפבוי אין שטאָט.

אין דער ערשטער צייט בעת זיין באַווייזן זיך אין שטאָט, האָט היינקע־שולצע, וואָס אַן אמת, אַביסל זיך געשראָקן פאַר מעגלעכע פאַר אים נישט געווונטשענע באַגעגענישן און, יעדעס מאָל ווען ס'האָט זיך ווער דורכדרינגלעך איינגעקוקט אין אים, פלעגט ער באַהערשט ווערן פון אַן אינערלעכן אומרו. אָבער דאָס פלעגט דויערן בלויז אַ קורצע וויילע, אַן אויגנבליק. גענוג געווען, אַז יענער זאָל טאָן אַ ברייטן שמייכל און אים צווואַרפן אַ שעלמישן ווונק, האָט ער גלייך צוריקגעווינען זיין גלייכגעוויכט. די מורא פאַר „עפּעס־וואָס" איז ביי אים ביסלעכווייז פאַרשוווּנדן. ער האָט געוואוינט מען איינזען, אַז דער טייוול איז נישט אַזוי שרעקלעך ווי מ'מאָלט זיך אים אויס... נישט זעלטן האָט אַזאַ אומגעריכטע באַגעגעניש זיך געענדיקט מיט אַ פעסטן האַנט־דרוק און, דער באַדייט פון די אויסגעטוישטע ווערטער צווישן ביידן איז געווען: „היט דו מיך, וועל איך דיך היטן"...

אַ דאַנק אַן אומגעריכטער באַגעגעניש מיט אַ גוטן פריינט פון „יענע יאָרן", אַזאַ וואָס האָט זיך גאָר פיין איינגענעסטיקט אין דער נייער אָרדענונג, איז שולצע, אין פאַרלויף פון אייניקע יאָר,

דערהויבן געוואָרן צום אַמט פון דירעקטאָר פון דער „ווידער־אויפבוי־געזעלשאַפט״.

נישט לאַנג נאָכן איבערנעמען דעם הויכן אַמט, האָט פרידריך שולצע חתונה געהאַט מיט דער אלמנה מאַרטאַ האָפשטיין, וועמענס „רומפולער״ מאַן, וואָס האָט געדינט אין דער „לופט־וואַפע״, איז אומגעקומען בעת ער האָט מיט זיין עסקאַדרע באָמבאַרדירט די שטאָט סעוואַסטאָפּאָל אין רוסלאַנד. די פרוי האָפשטיין אַליין איז אויך נישט געווען אַבי ווער, זי איז געווען פרעזעס אין דער געזעלשאַפט „צער־בעלי־חיים״ און זי, האָט עס לסוף געווירקט אויף איר מאַן פרידריך שולצע, ער זאָל אָננעמען די אים פאַרגעלייגטע פרעזעסור איבערן יתומים־הויז, וואָס איז — האָט זי אים אויפגעקלערט — אַ זאַך פון כבוד, ספּעציעל פאַר אַ מענטש, ווי — אַ דירעקטאָר פון אַזאַ גרויסער אונטערנעמונג.

די צייט איז נישט געשטאַנען. יאָרן זענען אַפּגעשוווּמען אין זאַטקייט און כבוד. אינעם יתומים־הויז אין וועלכן פרידריך שולצע איז געווען פּרעזעס, האָבן זיך איצט מער נישט געפונען קיין קינדער נאָך די אומגעקומענע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. יענע זענען שוין איצט אַלע געווען דערוואַקסענע, זעלבסטשטענדיקע און, אַליין שוין געהאַט קינדער. דער הער פרידריך שולצע, שוין אַ פּענסיאָנירטער דירעקטאָר פון דער „ווידער־אויפבוי־געזעלשאַפט״, איז געוואָרן פעטער, דער קאָפּ זילבערדיק און די טריט זיינע מער לאַנגזאַמע. ווען ס׳פלעגט פון צייט צו צייט קומען צו רייד וועגן די קינדער אין יתומים־הויז, פלעגט ער ווי שטענדיק, ווי אַ פּאַסטאָר בעתן פּרעדיקן, אַרויפלייגןביידע הענט מיט די צונויפגעפלאָכטענע פינגער אויפן בויך און פרום, פאַרגלאָצט דאָס איינציקע אויג צום הימל, נישט געקאָנט זיך אָפּלויבן פון זיי: „אָך, מיינע קליינע, מיינע קליינע? — די סינד דאָך וואַרע ענגליינס״!

אין אַ געוויסן טאָג איז אָנגענומען געוואָרן אין יתומים־הויז אַ מיידעלע פון אַ יאָר אַכט. אַ טונקל־האָריקע, מיט יידישע אויגן און נעזל. געווען איז עס אָבער נישט קיין יידיש, נאָר אַ ריין אַריש

קינד. איר נאָמען איז געווען מאַטילדאַ קרויזליך. דערצויגן געוואָרן דורך אַ שלעכטער שטיפמאַמע און, נאָכן פּלוצעמדיקן טויט פונעם טאַטן, געבליבן ווי אינגאַנצן אַן שוץ, איז דאָס מיידעלע געווען אַ שטאַרק איבערגעשראָקנס און מורא געהאַט פאַרן אייגענעם שאָטן. דערזען זי צום ערשטן מאָל בעת אַ דערציערין האָט זי פאַר אים פאָרגעשטעלט, האָט דער הער פרידריך שולצע ברייט אויפגעריסן דאָס מויל און דאָס איינציקע אויג. וואָס פאַר אַן ענלעכקייט צו יענער דאָרט! וואָס פאַראַ ענלעכקייט! — האָט אים אַ שלאָג־געטאָן אין מוח.

פונעם אומהיימלעכן שטאַרן בליק מיט וועלכן זיין איינציק אויג האָט זיך איינגעביסן אין איר, האָבן דעם מיידעלעס צעשראָקענע אויגן זיך אָנגעפילט מיט אַן אַרויסשאַפּרנדיקן פחד.

ווייל דער גרויסער אַרויסשפּאָרנדיקער פחד פון אירע יידישע אויגן האָבן זי נאָך מער ענלעך געמאַכט צו „יענער דאָרט", איז דער בליק פונעם ברייט־אויפגעריסענעם אויג וואָס האָט זיך איינ־געביסן אין איר, געוואָרן נאָך מער אומהיימלעך האָט זיך דאָס מיידעלע אַרויסגעריסן פון דער דערציערין, און איז אין איין אָטעם אַנטלאָפן פונעם פּרעזעס.

נאָכן דאָזיקן פאַל, האָט דאָס מיידעלע, מאַטילדאַ קרויזליך, יעדעס מאָל וואָס דער הער פרידריך שולצע האָט וויזיטירט זיינע „ענגליינס", זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן פון אים און ער, דער הער פרידריך שולצע, האָט יעדעס מאָל ווען ער האָט זי דערזען, ווידער אַמאָל איינגעשפּיזט אין איר דעם אומהיימלעכן בליק פון אין איינציק אויג.

אין איינעם אַן אָוונט, איז אין יתומים־הויז פאָרגעקומען אַ חנוכת־הבית־פייערונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַרענדיקן דאָס אַרויפציען אויפן הויז נאָך צוויי שטאָק. די פייערונג, ביי דער מיטבאַטייליקונג פונעם בירגערמייסטער און איינגעלאַדענע געסט, איז פאָרגעקומען ביי רייך־סערווירטע טישן אין דעם צוגעבויטן טייל, אויפן פינפטן שטאָק.

די דערציִערינס האָבן לכבוד די אָנגעזעענע געסט איינשטו־דירט מיט די יתומים אַ ספּעציִעלע קינדער־פאַרשטעלונג.

אַ שטאַרק אויפגעלייגטער האָט דער הער פרידריך שולצע נאָך זיין דערעפענונגס־רעדע און באַגריסונגען פונעם בירגער־מייסטער און אייניקע געסט, און נאָך עטלעכע פעסטע „טאָסטן" מיט די געסט — פאַרגעסן די פּאָזיציע וואָס ער פאַרנעמט אין דער געזעלשאַפט, און זיין אויסגעפּעצט פּנים האָט באַקומען אַ פלאַמיק אַמאַראַנטע רויטקייט, דאָס איינציקע אויג האָט גענומען גלאַנצן אַרום זיך מיט אַ שפּילנדיקן פאַרגאָסענעם בליק און די צונג, ווי זיינע פיס האָט גענומען פּלאָנטערן...

דערזען פון וויטנס, דורך זיין פאַרגאָסענעם בליק, דאָס שוואַרץ־אויגיקע מיידעלע מאַטילדאַ קרויזליך, האָט אויף זיין פּנים זיך אויסגעלייגט אַ מאָדנע גרי־אַלקאָהאָל אָנגעצונדענעם פּנים זיך אויסגעלייגט אַ מאָדנע גרי־מאַסע און, אויפשטענדיק זיך פונעם טיש, האָט ער מיט נישט זיכערע פּלאָנטערנדיקע טריט גענומען זיך דערנענטערן צו איר.

דאָס מיידעלע האָט פון פּחד פאַרן אומהיימלעכן אויג וואָס האָט זיך צו איר דערנענטערט, זיך באַהאַלטן אונטער אַ טיש.

פאַרן הער שולצע איז עס אין דעם מאָמענט נישט געווען מער קיין טיש. פאַר אים איז עס איצט געווען אַ בעט. איינע פון די בעטן וואָס האָבן זיך געפונען אין די צימערן פון אַ יידיש יתומים־הויז ערגעץ־ווו אין די פאַרנומענע געביטן פון פּוילן... ער, אַן אָפיציר פון דער „זאָנדער קאָמאַנדע" און..., און דאָס שוואַרץ־אויגיקע מיידעלע איז „יענע דאָרט"... איינס פון די קינדער אין יענעם יידישן יתומים־הויז, וואָס האָבן אויפן פאַרצווייפלטן געשריי פון דער דערציערין: קינדער!! באַהאַלט זיך!!! די דיי..., זיך איינגענורעט מיט איינגעצויגענע קעפּלעך צווישן די אַקסלען, ווו נאָר אַ ווינקל, אַ שפּעלטל... די דערציערין האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם זאַץ. — האָט אַ קויל פון זיין פּיסטאָל זי שטיל געמאַכט... אַ גערייצטער איילט ער, פריץ היינקע, מיט לויפנדיקע טריט פון צימער צו צימער. דאָ און דאָרט גיט ער אַן

איינציקן גוט־געצילטן שאָס... אין איינעם אַ צימער שטעלט ער זיך
אָפּ ביי אַ בעטל פון אונטער וועלכן ס׳קוקן אַרויס אַ פּאָר קינדער־
פיסלעך אין רויטע זעקעלעך. „הערויס! הערויס! קליינע שייסע־
יודין! הערויס!" דונערט די שטים זיינע.

די איינגעלאַדענע געסט אַרום דעם געדעקטן טיש לאַכן הויך
און פּאַטשן מיט די הענט בעת דער הער פרידריך שולצע שלעפּט
אַפּער פון אונטערן טיש דאָס אויף טויט דערשראָקענע מיידעלע.
ער טראָגט זי הויך איבערן קאָפּ און נעמט מיטאַמאָל רופן: אַך דו
קליינע שייסע־יודין! ווילסט מיר אויך מיין איינציק אויג
אַרויסשלאָגן?...

פרידריך שולצע שליידערט אַרויס זיינס אַן „ענגליין", דאָס
אַכט־יאָריק מיידעלע מאַרטאַ קרויזליך, דורכן פענצטער.

# אין יענע טעג

האַנס ביבערשטאַם האָט אויף זיין וועג אַהיים זיך באַוועגט מיט גרויס שוועריקייט צווישן דער, ווי צונויפגעוואַקסענער, מענטשן־מאַסע וואָס האָט הייס אַפּלאָדירט די פאַרביימאַרשירנדיקע ברוינע און שוואַרצע אָפּטיילונגען, די דייטשן וואָס האָבן אויף פּראָוויזאָרישע טריבונעס, צוגעזאָגט דעם דייטשן פאָלק אַ טויזנט־יאָריקן רייך... דער דאָקטער האַנס ביבערשטאַם האָט מיטאַמאָל דערפילט ווי אַ דראָענדיקע פויסט פון אַן אויפגעהויבענעם אָרעם אויף איינער פון די אימפּראָוויזירטע טריבונעס, פאַרמעסט זיך איבער זיין קאָפּ, איבער זיין הויז און הויזגעזינד און, ווי דער „נעכטן״ ווערט אָפּגעשניטן פונעם „היינט״, ווי מיט דער שאַרף פון אַ מעסער...

איבערגעריסן זיין אומעטיק טראַכטן האָט אַ פעסטער שטויס פון אַ פויסט אין זיין רעכטער ברוסט אַריין. דער הוט איז אים אַראָפּגעפאַלן און אַריין צווישן די פיס פון דער געדיכטער מאַסע, און מיט אַ בלוט־אָנגעגאָסענעם פּרצוף, האָט אים אַ פאַרשוין אַריינגעשריגן אין אויער: „וואָס טוסטו דאָ!? — דרעקישער ייד? — — —

אַרויס פונעם מענטשן־קנויל, אָן דעם הוט אויפן קאָפּ, איז האַנס ביבערשטאַם, אַ בלאַסער און צערודערטער אַרויסגעקומען אין אַ פאַר אים אומבאַקאַנטער אַלעע. ער האָט אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פונעם ווינטער־מאַנטל ביז איבער די אויערן, און גענומען לאַנגזאַם און ציללאָז שפּאַנען איבער דער אָוונטיקער בלוילעכער שניי־דעק, וואָס האָט זיך אַוועקגעצויגן העט־ווייט ערגעץ־ווו.

אין די שלייפֿן האָט אים געקלאַפּט ווי מיט האַמערס און אין קאָפּ אַ קנויל פֿון צעשטיקלטע געדאַנקען. ער האָט געשפּאַנט מיט ברייט־אויפֿגעריסענע אויגן און נישט אָפּגעפּילט די שטייגנדיקע קעלט און נישט די אָפּגעפּלאָסענע צייט. ערשט ווען אַן אָנפּאָרנדי־קער שליטן, וואָס האָט געפֿירט צווי פּאַסאַזשירן האָט זיך נעבן אים אָפּגעשטעלט, האָט ער אַ פֿאַרווּנדעטער אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ, און געזאָגט דעם קוטשער וווּאַהין ער דאַרף. די פֿערד האָבן אַ ריס־געטאָן פֿון אָרט און גענומען פֿליען ווי פֿייל פֿון בויגן און דער דאָקטאָר ביבערמאַן — פֿאַרשווּמען אין אומ־היימלעכע געדאַנקען, האָט איינגעשניטן זיין שטאַרן בליק אין דער אַרומיקער בלוילעכער ווייסקייט, וואָס איז אין אַ סך גאַסן פֿון דייטשישע שטעט באַפֿלעקט געווען מיט רויטקייט פֿון מענטש־לעך בלוט...

ווען האַנס ביבערשטאַם האָט אָנגעקלונגען ביים אַריינגאַנג פֿון זיין וווינונג, איז דער זייגער שוין געווען קרוב צו עלף אין אָוונט. געעפֿנט האָט זיין פֿרוי, וואָס האָט אים אָפּגעוואַרט מיט גרויס אומגעדולד און איר ערשטע פֿראַגע איז געווען:

ווו ביסטו דאָס געווען ביז איצט האַנס? אַלץ אין שפּיטאָל?
— אויף מיין טעלעפֿאָן צו דיר, האָט מען מיר פֿון דאָרט געענט־פֿערט, אַז ס׳איז היינט געווען פֿריילעך אין שטאָט און ס׳איז דערי־בער פֿאַראַן זייער אַ סך אַרבעט...

ריכטיק, עמאַ — האָט האַנס געענטפֿערט, און באַטראַכט זיין פֿרוי מיט אַ פֿאַרזאָרגטן בליק. ריכטיק, זייער אַ סך. כ׳בין אויך מיד, עמאַ. כ׳וויל בלויז עפּעס־וואָס אָפּעסן און גיין שלאָפֿן. יאָ, פֿאַרגעסן דיר צו זאָגן — האָט ער זי צוריקגעהאַלטן בעת זי האָט זיך פֿאַר־גומען אַריינגיין אין קיך — כ׳האָב נישט דעם הוט. — געקומען אַהער מיט אַ שליטן — האָט אים דער ווינט פֿון קאָפּ אַראָפּגעריסן און פֿאַרטראָגן...

דאָקטאָר ביבערשטאַם וואָס האָט ממש געלעכצט זיך צו געפֿינען וואָס שנעלער אין בעט, איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן ערשט

קורץ פאַרן אויפשפּראָץ פונעם טאָג. איין אומעטיקער און חשד־פולער געדאַנק האָט געיאָגט דעם צווייטן. פאַר אים איז געווען גענוג דאָס געפינען זיך בלויז עטלעכע צענדליק מינוט אינעם „צעפּייערטן" אָוונט אויף די בערלינער גאַסן — ער זאָל מיטאַמאָל דערזען, אַז מיט זיין רויק און באַשיידן פאַמיליע־לעבן און זאָרג־פעליקער דערציִונג פון זיינע צוויי יינגלעך וועמען ער האָט ווי אַ ליבעראַל און פּאַציפיסט געהאָפּט צו דערציען ווי פרייע ערלעכע מענטשן, — קומט איצט אַ סוף. ער האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז דאָס וואָס ער האָט נעכטן געזען און אָפּגעפילט אויף זיין אייגענעם קערפּער, איז בלויז אַ קליינע אַוווערטורע. אַן אריינפיר צו עפּעס אַזעלכעס, וואָס די וועלט האָט נאָך נישט געזען...

דער באַנייטער וויטיק אין דער רעכטער ברוסט פונעם באַקומענעם קלאַפּ פונעם נאַצי, — האָט אים מיטאַמאָל דערמאָנט אין אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד פון מיט יאָרן צוריק, בעת זיין נאָענט־געשלאָסענער באַקאַנטשאַפט מיט עמאַן אין דער צייט פון זומער־וואַקאַציעס, אין אַ סטודענטן־לאַגער הינטער לייפּציג. ער — אַ סטודענט אויפן לעצטן קורס פון מעדיצינישן פאַקולטעט און זי, עמאַ. אַ סטודענטין אויפן הומאַניסטישן פאַקולטעט.

אין אַ געוויסן טאָג — אַ וואָך דריי נאָכן באַקענען זיך — האָט ער זיך געפונען מיט עמאַן אויף אַ שפּאַציר אויסערן לאַגער. אין אַ לענגערן שמועס צווישן ביידן, אַ שמועס אין וועלכן ס'איז דרך אגב, אויך געוואָרן באַרירט די פראַגע פון רעליגיע, האָט ער איר דער־קלערט, אַז שוין אין עלטער פון פופצן יאָר האָט ער איינגעזען די זינלאָזיקייט פון רעליגיע, און ער שמעקט נישט מער אַריין אין דער קירכע.

עמאַ האָט דאַן געלאָזט הענגען אויף אים אַ פּאָר ברייט־צעעפנטע אויגן און געפרעגט מיט פאַרוווּנדערונג:

— וואָס מיינט דאָס, האַנס? ביסטו דען נישט קיין ייד? וואָס פאַראַ שייכות האָסטו עס געהאַט מיט דער קירך?

— כ׳בין געווי אַזאַ ייד, ווי דו ביסט אַ יידישקע — האָט ער איר געענטפערט מיט אַ געלעכטער.

ביסטו, הייסט עס, יאָ אַ ייד, פונקט ווי איך? — האָט עמאַ אין ערשטן מאָמענט נישט געקענט אויפכאַפּן דעם מיין פון זיינע ווערטער, — וואָס זשע פאַר שייכות האָסטו מיט קירכעס?

דאָ האָט שוין האַנס אויפגעריסן די אויגן: — די גאָלדיק־בלאָנדע שיינהייט, מיט די גרויסע בלאָע אויגן, איז גאָר אַ יידישקע?!

יאָ, אַזוי ווי דו, דער ברונעטער סטודענט האַנס, מיט די שוואַרצע געקרויזטע האָר און יידישע אויגן איז גאָר אַ קריסט!

ביידע האָבן דאַן האַרציק זיך צעלאַכט פון דער אומגעריכטער אַנטפּלעקונג און האַנס האָט אויסגערופן:

— אָט האָסטו דיר גאָטס קונץ־שטיק, אָבער אונדזביידן, וועט ער נישט צעשיידן!

דער דאָקטאָר־כירורג האָט, צו יענער צייט נישט איינמאָל זיך פאַרטראַכט וועגן דעם, פאַר וואָס זיין שטאַרק יידישער אויסזען האָט עס אַזוי פעסט געבונדן צו אים זיין ליבע און שיינע עמאַ, אָבער נישט געהאַט דעמאָלט דעם מינדעסטן חשד, אַז אָט דער יידישער אויסזען זיינער, קאָן אויך אַמאָל באַדראָען זיין לעבן.

וואָס שייך די עלטערן פון האַנס ביבערשטאַם — דעם מעטאַל־טאָקער יאָהאַן און זיין פרוי הילדאַ — האָבן זיי נישט געזען קיין שום שלעכטס אין דעם, וואָס זייער זון נעמט אַ יידישקע און זיי ווען דורכמאַכן אַ בירגערלעכע חתונה. אַזוי איז טאַקע געווען, נאָך דעם ווי האַנס האָט געענדיקט זיין שטודיום אויפן לייפּציגער אוניווערסיטעט און אָנגעהויבן פּראַקטיצירן ווי אַ כירורג אין אַ דאָרטיקן שפּיטאָל.

עמאַ האָט פיר יאָר נאָכן געבוירן פון איר ערשטן יינגל, ראַלף, געהאַט אַ צווייטן זון, ערני. כדי אויסצומיידן אין דער צוקונפט וועלכע־ס׳איז אַנטאַגאָניזמען אין זייער לעבן, האָבן זיי צווישן זיך אָפּגעמאַכט צו דערציען די קינדער ווי גוטע, ערלעכע מענטשן,

אָן רעליגיעזע דאָגמעס און קולטן, און ווי לאַנג ס׳וועט נאָר מעגלעך זיין, — באַהאַלטן פון זיי דעם אונטערשייד פונעם אָפּשטאַם צווישן זייער טאַטן און דער מאַמען, און ווייל זיין פאָטער, דער מעטאַל־טאָקער יאַהאַן, באַזוכט שוין אויך נישט מער די קירכע, וועט נישט זיין קיין שום שטערונג, אַז ווען די קינדער וועלן אונטערוואַקסן, זאָלן זיי גיין אין אַ שולע ווו עס ווערט נישט געלערנט קיין רעליגיע, אַזוי אַרום וועלן זיי קאָנען לעבן פריי און רויִק.

אַ לענגערע צייט האָט זיך געפירט דאָס שטילע און באַשיידענע לעבן אין הויז פונעם דאָקטאָר — נאָרמאַל און אָן שום שטרויכלונ־גען, ביז דעם 30סטן יאַנואַר ניינצן דרייאונדרייסיק, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט.

ערני — אין קאָנטראַסט צו זיין עלטערן ברודער, ראַלף, וואָס איז אינגאַנצן ענלעך צו דער מוטער און זעט אויס ווי אַן אמתער אַריער — האָט ממש, איבערגעשטיגן דעם פאָטער מיט זיין אויסזען ווי אַ טיפּיש יידיש יינגעלע.

און —

אין אַ געוויסן טאָג, איז ערני אַהיימגעקומען פון דער שולע אַ צעטראָגענער און פאַרוויינטער: אין קלאַס אין וועלכן ער האָט געלערנט, איז יענעם טאָג אָנגעקומען אַ נייער לערער אויפן אָרט פונעם פריערדיקן, וואָס מען האָט באַזייטיקט פון דער אַרבעט, און די ערשטע זאַך מיט וואָס דער נייער לערער איז צוגעטראָטן צו זיין אונטערריכט, איז געווען: צי עס געפינען זיך אין דעם קלאַס יידישע קינדער, און אויב יאָ, דאַרפן זיי פאַרנעמען די לעצטע ער׳טער, הינטער די דייטשישע קינדער...

די יידישע קינדער האָבן שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּלעך, אויסגעפילט דעם באַפעל. דער נייער לערער איז דאַן צוגעטראָטן צו ערנין, אַריינגעשפּיזט אין אים אַ גיפטיקן בליק פול מיט פאַראַכ־טונג און אַ ריטשע־געטאָן אין ערניס אויערן: „און דו, קליין יידעלע ? מ׳האָט דאָך דיר געזאָגט, אַז דער דאָזיקער פּלאַץ איז פאַר דייטשע קינדער! פאַרשטאַנען! טנופת!

הער לעריער... — האָט ערני אַ דערשראָקענער און צעפּלאָמ־
טער פון פאַרלוירנקייט זיך אויפגעשטעלט פון אָרט און אַרויסגע־
שטאַמלט: „איך בין דויטשע". אַז די קינדער מיט וועלכע ער איז
געזעסן האָבן עס באַשטעטיקט, האָט דער נייער לערער, מיט
אַ מינע ווי ער וואָלט אַראָפּגעשלונגען עפּעס אַ זייער עקעלהאַפטע
זאַך, געהויבן מיט די אַקסלען...

די ביבערשטאַמס האָבן נאָך רעכט נישט באַוויזן צו קומען צו
זיך פונעם שאָק מיטן ערשטן פאַל, איז מיט עטלעכע טעג
שפּעטער ערני ווידער אַהיימגעקומען אַ פאַרוויינטער, און שוין
אויך אַ צעשלאָגענער. מיט שטיקנדיקע טרערן אין קעל האָט ערני
העשענדיק דערציילט, אַז ער האָט זיך פאַרגאַפיעט און נאָכגעגאַנגען
אַן אָרקעסטער ביז אַ נישט־באַקאַנטער פאַר אים גאַס, איז ער דאָרט
באַפאַלן געוואָרן פון אַ כאַפּטע קינדער וואָס האָבן אים געשלאָגן
און געשריגן „יודע פערעקע". דאָס מאָל האָט ער מיט געוויין
געפאָדערט פון איר, זי זאָל אים זאָגן וואָס עס איז אַזעלעכס אַ ייד,
פאַרוואָס מען שלאָגט זיי, און צי איז ער אויך אַזעלכער...

די מוטער איז פון דעם קינדס רייד און פראַגעס געבליבן
אינגאַנצן אַ צעטומלטע. אַ פּלוצימדיקע מורא האָט איר אָפּגעהאַלטן
פון געבן וועלכן ס'איז ענטפער אויפן קינדס פראַגעס, צו וועלכע
זי איז נישט געווען צוגעגרייט... האָט אים אייליק אונטערגערוקט
עפּעס אַזעלעכס מיט וואָס ס'איז אים קיינמאָל נישט דערלויבט
געווען צו שפּילן זיך דערמיט, אים געזאָגט, אַז זי מוז אויף שנעל
ערגעץ־ווו צוגיין, און — אַז מען וועט נאָך רעדן וועגן דעם.

ס'האָט זיך אָבער עמאַן נישט איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון
זיך. זי איז אַוועק סתם אין גאַס און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק
נעבן אַן אויטאָבוסן־סטאַציע. מיטאַמאָל האָט זי, אין איר פאַר־
טראַכטקייט דערהערט די שטים פון איר זון ראַלף: „וואָס זיצסטו
דאָ, מאַמאַ?"

אָט, כ'דאַרף ערגעץ צוגיין, האָב איך זיך אויף אַ ווײַלע

צוגעזעצט. נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פונעם זון, האָט זי אים סתם אַ פרעג געטאָן:

איז וואָס הערט זיך אין אייער שול, ראַלף?

נאָך אַן ענטפער „ס׳איז אַלץ אין אָרדענונג מאַמאַ״ — האָט ער איר דערציילט, אַז ס׳איז היינט אין זיין קלאַס געווען אַ לעקציע וועגן יידן און דער לערער האָט געזאָגט, אַז יידן זענען באַטריגער און גנבים, אַז זיי זויגן דאָס בלוט פון דייטשישן פאָלק און אַז איבער זיי האָט דייטשלאַנד פאַרשפּילט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. יאָ, מאַמאַ, דאָס זעלבע האָב איך אויך, מיט אַ וואָך צוריק, געהערט פונעם פליישער וואָס אַנטקעגן אונדזער הויז און פונעם אַפּטייקער.

עמאַ איז געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערט און דערפילט ווי דער באָדן וואָלט זיך גענומען אַפּערגליטשן פון אונטער אירע פיס. באַמיט זיך צו שטאַרקן און נישט אַרויסווייזן אַז זי איז באַווירקט פונעם געהערטן, האָט זי שטיל געזאָגט צו אים: כ׳וויס, ראַלף, אַז דו האָסט עטלעכע גוטע יידישע חברים פון צווישן די איינוווינער פון אונדזער געסל. דו ביסט שוין אַ דערוואַקסן און פאַרשטענדלעך יינגל און, לויט די גוטע באַציִונגען וואָס דו האָסט מיט זיי שטענדיק, — דאַרפסטו שוין האָבן אַן אייגענע מיינונג וועגן דעם. מיר לעבן היינט ראַלף אין אַ צערודערטער צייט און מענטשן, אויך יינגלעך אין דיין עלטער, דאַרפן זיין זייער פאָרזיכטיק אַרויס־צוזאָגן זיך וועגן דעם וואָס זיי מיינען... גיי, ראַלף, אַהיים, איך קום באַלד צוריק — האָט עמאַ אַ פאַרטראַכטע, אָפּגעמאָסטן דעם זון פון קאָפּ ביז די פיס און געבליבן ווייטער זיצן. זי האָט געהאַט אין זיך אַ שולד־געפיל, פאַר אירע אַזוי ווייניק אַרויסגעזאָגטע און נישט איבערצייגנדיקע ווערטער...



דעם אָוונט, נאָך דעם ווי ביידע יינגלעך זענען געגאַנגען שלאָפן, האָט האַנס ביבערשטאַם געהאַט ביז שפּעט אין דער נאַכט

אַ זייער ערנסטן שמועס מיט זיין פרוי, אין שייכות מיט דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט ערני און זיינע פראַגעס מכוח די לעקציעס פון „יידן־דערקענטעניש" וואָס ראַלף באַקומט אין זיין שלו. וואָס שייך די קינדער — האָבן זיי ביי זיך אָפּגעמאַכט — דאַרף, ווי ביז איצט, נישט אַנטפּלעקט ווערן פאַר זיי די פאַרשידנקייט פונעם אָפּשטאַם פון זייער טאַטן און דער מאַמען און דאָס שטוב־מיידל וועט יעדן טאָג פירן ערנין צו דער שול און זי, עמאַ, וועט אים אַהיימנעמען פון דאָרט. וואָס שייך ראַלפן — דאַרף מען מיט אים איינטענהען און אים געבן צו פאַרשטיין, אַז ער זאָל נישט נעמען אַלץ מיט גרויס ערנסט וואָס מען רעדט אויס אויף יידן, און זאָל זיך שטאַרק אויסהיטן נישט אַריינצולאָזן זיך מיט ווען ס'איז צו רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן — אַפילו מיט די נאָענטסטע שול־חברים. וועט דאָס העלפן? — — —



ס'האָבן אָנגערוקט אַלץ מער שווערע און האָפענונגסלאָזע טעג פאַר די יידן אין דייטשלאַנד. יידן זענען אוממענטשלעך פאַרשלעפּט געוואָרן אין קאָנצלאַגערן און ס'האָט זיך באַוויזן דער ערשטער אָפיציעלער אַנטי־יידישער געזעץ, וואָס האָט אָנגעוויזן ביי וואָס און מיט וואָס ס'איז פאַר יידן פאַרבאָטן זיך צו פאַרנעמען. די לאַנגע רשימה פון די פאַרבאָטן, האָט ביי זיי צוגענומען יעדע מעגלעכקייט פון עקזיסטענץ. עמאַ און האַנס האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן בערלין און צוריקפאָרן קיין לייפּציג, דאָרט ווו ער איז געבוירן געוואָרן און פאַרברענגט די שענסטע טעג פון זיין לעבן; ווו ער האָט זיינע עלטערן און דעם ברודער מיט שוועסטער; ווו ער האָט געהאַט פריינט און באַקאַנטע און ווו יעדער שטיין, איז אים געווען ליב און נאָענט. אין לייפּציג — האָט דער דאָקטאָר ביבערשטאַם געוואָלט גלייבן — קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז ס'זאָל אַהין האָבן דערגרייכט, אין אַזאַ מאָס, דער בלוטיקער טעראָר

פון דער געסטאַפּאָ קעגן יידן און ווידערשפּעניקע דייטשן. דאָרט — איז ער זיכער געווען — האָבן זיך נישט געפונען אַזעלכע גרויסע מאַסן איבערלויפער אין די נאַצישע רייען, ווי אין בערלין. דאָרט — האָט ער געהאָפּט — וועט מען לייכטער, מיט ווייניקער דערשיטערונגען, קאָנען דורכלעבן די גרויליקע מגפה־צייט. אָבער שוין אין די ערשטע טעג פון זיין געפינען זיך אין זיין געבוירן־אָרט, האָט דאָקטאָר האַנס זיך איבערצייגט אינעם ביטערן טעות וואָס ער האָט געהאַט. ווי אויף צו להכעיס, זענען די אַמאָליקע נאָענטע פריינט און באַקאַנטע זיינע, וועמען ער האָט אָנגעטראָפן אין גאַס, געווען אויסגעפּוצט אין מיליטערישע מונדירן, אָדער אין ברוינע העמדלעך, באַצירט מיטן האַקן־קרייץ, און יעדער פון זיי האָט אים בעתן באַגעגענען באַגריסט מיטן „הייל היטלער״־גרוס... ער האָט, ליידער, נישט געקענט אויסגעפינען דאָ קיין שום זאַך, וואָס זאָל אים קאָנען אין אַ געוויסער מאָס אָנווייזן, אַז מען קאָן נישט מאַכן קיין פאַרגלייך מיט בערלין. ס'איז ליידער געווען אומעטום דאָס זעלבע.

אויך אַהער האָבן דערגרייכט אַלע בייזע גזירות און ס'איז באַקאַנט געוואָרן דאָס געזעץ וואָס האָט צוגענומען ביי די יידן די דייטשישע בירגערשאַפט און זיי אַריבערגעפירט אין דער לאַגע פון אונטערטאַנער. צום יאָר זענען אַלע יידן געשטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ און צוגלייך איז אַריין אין קראַפט אַ פאַרבאָט וואָס פאַרווערט זיי דעם אַריינגאַנג אין אַרישע שפּייז־קראָמען און אַפילו אין אַפּטייקן. אין דער דאָזיקער צייט — פון ענגער אייגנציען די פּעטליע אַרום האַלדז ביי דער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג — האָט עמאַ דערהאַלטן, דורך דער קריסטלעכע דינסט פון אירע עלטערן אַ ידיעה, אַז דער פאָטער און די מוטער האָבן פאַרלאָזן פראַנקפורט און זענען צוריקגעפאָרן קיין פּוילן.

עמאַ האָט, ווי ווייט זי האָט געקאָנט, זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן פון איר מאַן פּיינעגדיקע מחשבות. זי האָט לעצטנס נישט געקאָנט איינזיצן אין שטוב און האָט אָפט, שעה'ען לאַנג

זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטאָט, געשפּאַנט אַ פּאַרטראַכטע פון גאַס צו גאַס, און יעדעס מאָל, ווען ס׳האָט זיך פאַר איר באַוויזן אַ פעטע שוואַרצע שריפט אויף אַ ווייסן גרונט „פאַר יידן דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן" אָדער, ווען איר בליק האָט אויפגעכאַפּט, ווי געשטאַלטן מיט יידישע פּנימער, געבייגטע דעם קאָפּ צום באָדן, רוקן זיך, אין זייער פּחדפולן גאַנג, צו די מויערן, כדי זיי זאָלן זיין וואָס ווייניקער אָנזעעוודיק, — פלעגט זי שטיין־בלייבן ווי אַ צוגעשמידטע צום אָרט, און אירע פאַרפרעסטע ליפּן האָבן גענומען צוקן פונעם פאַרלאַנג אַרויסצוגעבן פון זיך אַ וויי־געשריי וואָס זאָל דערגרייכן אַזוי הויך ווי דער פּחד און די האָ־פענונגסלאָזיקייט, מיט וועלכע ס׳זענען אַרומגעכאַפּט געוועז די דייטשישע יידן.

אויך דער דאָקטאָר האַנס איז אין די דאָזיקע טעג אַרומגע־גאַנגען אַ טיף־צעטראָגענער און נישט געפונען זיך קיין אָרט. ער האָט אינגאַנצן אויפגעהערט אַריינקוקן אין אַ צייטונג און אַפילו נישט גענומען אין האַנט אַ פאַך־זשורנאַל אָדער אַ בוך וועגן כירורגיע. בלויז פון צייט צו צייט, אין אַ טאָג נאָך אַ נאַכט־דיזשור אין שפּיטאָל, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט עמאַן צו זיינע עלטערן הינטער דער שטאָט. דאָרט פלעגט ער זוכן אַ ביסל פאַרגעסונג און אין איינוועגס געהאָפּט אָנצוטרעפן דאָרט זיינע מיט רעוואָלט אָנגעפּולטע יינגערן ברודער און שוועסטער, און יעדעס מאָל געצווייפלט, צי זיי זענען נאָך בכלל אויף דער פריי...

און די קינדער זייערע?

ערני האָט נישט באַזוכט מער די שול. ראַלף איז אָן דעם וויסן פון די עלטערן געגאַנגען אויף צוזאַמענטרעפונגען מיט דער היטלער־יוגנט...



אין איינעם אַ פאַרנאַכט האָט זיך דערטראָגן אַ נייע פינצטערע גזירה, וואָס האָט ווי אַ דונער אַריינגעשלאָגן אין הויז פון עמאַ

און האַנס ביבערשטאַם, און, מיט איין קלאַפּ, צעשטערט זייער היים און פאַמיליע־לעבן. געווען איז עס אַ פאַרבאָט וואָס פאַר־ווערט דאָס חתונה־האָבן צווישן יידן און אַריער, נישט בלויז פון זינט דעם טאָג ווען דער פאַרבאָט איז אַריין אין קראַפט, נאָר ער איז אויך גילטיק פאַר די אַלע וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט צענדליקער יאָרן צוריק. און בכדי מ׳זאָל נישט זוכן אַ וועג אויף אַרומצוגיין דעם פאַרבאָט — איז שטרענג פאַרווערט פאַר יידן, און אויך פאַר אַריער, צו האָבן וועלכע ס׳איז געשלעכט־באַציִונגען צווישן די צוויי ראַסעס.

די דאָזיקע גורלדיקע און שרעקלעכע גזירה, האָטביידן דער־שיטערט. מיטן דערהערן זי, זענען זיי געוואָרן ווי געליימט און נישט פעיִק געווען אַרויסצוברענגען אַ וואָרט פון מויל. מיט אויפ־געריסענע אויגן און מיט שטום־פאַרשטיקטע מיילער, זענען זיי געבליבן שטיין איינע, אַנטקעגן צווייטן, ווי אויסהערנדיק אַ טויט־אורטייל.

וואָס וועט איצט זיין ?!... וואָס הייבט מען אָן צו טאָן ?!...

עמאַ האָט אַ בלאַסע, מיט פאַרטרערטע אויגן מיט אַ מאָל זיך אַ ריס־געטאָן פון אָרט און אַ זאָג־געטאָן צום מאַן :

— האַנס ! לאָמיר אַראָפּפאָרן צו דיינע עלטערן.

דאָקטאָר ביבערשטאַם, אונטערן שווערן שאָק פון אָט דער געשעעניש, האָט אָנגעקוקט זיין פרוי מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און מיט אַ נערוועזן שאָקל מיטן קאָפּ, שנעל געענטפערט :

— יאָ עמאַ, ביסט גערעכט ! לאָמיר צופאָרן צו די עלטערן.



האַנס׳ס עלטערן האָבן שוין געוווּסט וועגן דער פינצטערער גזירה, און זיי האָבן זיך געריכט אויפן באַזוך פון האַנס און עמאַ. און אַז זיי זענען אַריינגעקומען, בעת ביים טיש זענען אויך געזעסן דעם דאָקטאָרס יינגערע ברודער און שוועסטער — איז דאָס רעדן

אָפּגעהאַקט געוואָרן. איינער האָט געקוקט אויפן אַנדערן מיט פרעגנדיקע פחד־פולע אויגן. דער אַלטער שטאָל־טאָקאַר, יאָהאַן, האָט זיך אָנגענומען מיט כוח און צו ביידן אַ זאָג־געטאָן:

— הערט, קינדער מיינע! געדענקט אָנעם אַלטן דייטשישן שפּריכוואָרט „געלט פאַרלוירן — גאָר נישט פאַרלוירן. האָפענונג פאַרלוירן — אַלץ פאַרלוירן!". — מ׳מוז אַלזאָ לעבן מיט האָפע־נונג! ס׳קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז אַזאַ בלוטיקער רעזשים, ביי וועלכן דאָס מענטשלעכע לעבן האָט קיין שום ווערט נישט — זאָל נאָך לאַנג אָנהאַלטן! — מיר דאָ, האָבן אַלץ גענוי דורכגע־טראַכט און געקומען צום אויספיר: אַז עמאַ, אַ געבוירענע אין פוילן, וווּ אירע עלטערן וווינען — זאָל, ביז די מגפה וועט פאַר־שווינדן — אַריינפאָרן אַהין מיט ערנין, און ראַלף וועט בלייבן מיט האַנסן. פאַר ראַלפן וועט עס הייסן, אַז די מאַמע פאָרט קיין אויסלאַנד צוליב קוראַציע, און ווייל ערני פילט זיך נישט געזונט.

עמאַ און האַנס, האָבן מיט קיין וואָרט זיך נישט קעגנגע־שטעלט דעם פאָרשלאַג. זיי האָבן איינגעזען אַז דאָס איז פאַקטיש דער איינציקער לאָגישער וועג צום דורכפירן, און ביידע האָבן מיט אַ קאָפּנייגעלע נאָכגעלאָזטע נערוון — זיך צוגעזעצט צום טיש, וואָס די מוטער, אַ פאַראומערטע — האָט גענומען סערווירן.

ס׳איז נישט פאַרביי קיין פול יאָר ווי ביידע זענען פאַרשווונדן, אָן צו לאָזן נאָך זיך אַ שפּור — און דאָקטאָר האַנס ביבערשטאַם איז מאָביליזירט געוואָרן, און געשיקט געוואָרן ערגעץ־ווו נאָענט צו דער גרענעץ מיט פוילן און ראַלף איז גערופן געוואָרן צו אַרבעט־דינסט פאַר דער דייטשישער יוגנט.

— — — — — — — — — — — — — — —

אין טרעמבלינקע איז היינט געווען „האָך באַטריב"... מ׳האָט געבראַכט אַ דריטן עשאַלאָן מיט יידן און, ס׳איז אַפילו נישט

געווען קיין צייט צו ברענגען דעם יידן־אָרקעסטער אויפצונעמען די ניי־געקומענע מיט שטראָוס־וואַלסן... גלייך פון די וואַגאָנען אַראָפּ, אַרומגענומען מיט אַ געדיכטע וואָך אַ באַוואָפנטע מיט אויטאָמאַטן און באַהייקעס, האָט מען אויסגעשטעלט אין לאַנגע רייען און געמאָלדן, אַז אַלע מוזן צוליב היגיענישע טעמים באַזוכן דעם „באַדע־אַנשטאַלט"...

וואָס מער די מאַסע האָט זיך פאַרטיפט אינעם לאַגער און אויף דעם וואָס ער דערוואַרט זיי, אַלץ מער זענען זייערע טריט געוואָרן לאַנגזאַמער און לאַנגזאַמער... די ביקסן־קאָלבעס און באַהייקעס זענען געפאַלן איבער זייערע דערשלאָגענע קערפּערס און געמיט און זיי האָבן אינסטינקטיוו פאַמעלעכט די טריט. ביז אין אַ געוויסן מאָמענט האָט אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן — געפירט אונטערן אָרעם פון אַ יונג בחורל — זיך פלוצעם האַסטיק אָפּגעשטעלט און אויסדרייענדיק זיך מיטן פּנים צו דער פאַרויס־געשטויסענער מאַסע, — אויסגערופן מיט אַ גרויליקן רוף: „וווּ־אַהין גייט איר, יידן! דאָ איז דער טויט! דער טויט!!

— פאַרויס! פאַרויס! דרעקיקע יידן־באַנדע! — האָט ווער פון די אונטערטרייבער אויסגעשריגן מיט רוגזה און אַ בריִענדי־קער שמיץ פון אַ נאַהייקע האָט גלייך באַדעקט דאָס פּנים פון דער פרוי, מיט אַ רויטן בלוט־שטרייף. זיך אַ וואַקל־געטאָן, אויפגע־הויבן דעם קאָפּ אַנטקעגן דער חיה אין מענטשן־געשטאַלט און איינגעשפּיזט אין אים איר בלאָנדזשענדיקן בליק און — פלוצעם האָט פון אירע בלוילעכע צוזאַמענגרעפּרעסטע ליפּן, מיטן לעצטן ביסל כּוח פון איר אויסגעמאַטערטן גוף, זיך אַרויסגעריסן אַ יאָמערלעך, האַרצרייסנדיקער רוף: ראַלף, אויך דו, ראַלף?!! אויך דו, זון מיינער! דו, דו, ווילסט אומברענגען דיין יידישער מאַמען?! דיין ברו... און גענומען אַראָפּזינקען צום באָדן.

ס'האָט אפשר געדויערט בלויז אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע און ס'איז געשען:

ראַלף האָט מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג אַראָפּגעכאַפּט דעם אויטאָמאַט פונעם אַקסל און אַ ווייסער ווי דער טויט — אַריינ־געשאָסן אין דער באַוואָפנטער וואַך אַלע קוילן וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין אויטאָמאַט.

# מיין „וויאַ דאָלאָראָזאַ" אין שפּיטאָל

מיט שווערן אָנשטרענג באַצווינג איך מיין ציטעריקע האַנט צו פירן די פעדער איבערן פּאַפּיר און אַרויסבאַקומען פון איר אַ לייענבאַרן אות. די אַלגעמיינע אָפּשוואַכונג פון מיין גוף איז נאָך זייער שטאַרק, אַזוי שטאַרק, אַז מאָמענטנווייז האָב איך דאָס געפיל ווי כ'וואָלט געוועזן אַנוואַגיק און כ'וואָלט געקאָנט שוועבן אין דער לופט ווי אַ פעדער... אין דער זעלבער צייט, האָט אָבער מיין יעדער געשטעלטער טראָט געפאָדערט פון מיר גרויס אָנ־שטרענגונג.

ווייל מיין אַלגעמיינע אָפּשוואַכונג איז נאָך אַלץ אַזוי שטאַרק, געדענקען זיך נאָך אַזוי בולט די טעג, נאָך מער די נעכט, פון מיין ליגן אין שפּיטאָל.

דערפאַר טאַקע, וואָס אַלץ איז נאָך אַזוי פריש אין מיין זכרון און ס'איז נאָך נישט נויטיק צו באַפּוצן דאָס איבערגעלעבטע מיט אַ ביסל שרייבערישער פאַנטאַזיע, — האָט עס מיך אינספּירירט — נאָך צווישן די ווענט פונעם שפּיטאָל — פאַרפיקסירן אויפן פּאַפּיר מיין „וויאַ דאָלאָראָזאַ"...

דער אונטערשייד פון מיין „וויאַ דאָלאָראָזאַ" ביז דעם פונעם געקרייציקטן ישו, איז מיין איך, דער, וואָס בעת ישו איז שוין נישט געווען ביים באַוווּסטזיין נאָכן ערשטן אַריינגעקלאַפּטן נאָגל וואָס האָט דורכגעלעכערט איינע פון זיינע האַנטפלאַכן, איז מיין וועג פון ליידן — נישט צו קאָנען בעת מעשה זיך אָפּגעבן אַ חשבון, צי ס'איז צום אומקום אָדער גענעזן צו ווערן.

שוין דער אופן פונעם געפירט ווערן מיט אַ פּאָר־בעטל צו

דער אָפּעראַציע — האָט אַרויסגערופן אין מיר פאַרשטעלונגען און בילדער ווי פון דאַנטעס גיהנום...

אַריינגעשיבט מיך אין אַ ווינדע, האָט מען מיך געפירט שטאָק־אַראָפּ און שטאָק־אַרויף. געפירט דורך לאַנגע טונקעלע קאָרידאָרן אין וועלכע ס׳האָבן זיך פאַר מיין פאָר־בעטל, האַסטיק געעפנט און פאַרמאַכט טירן, ביז — כ׳בין ווי אַריינגעשליידערט געוואָרן אין עפּעס אַ באַלויכטענעם צימער, ווו כ׳האָב צוליב דער שיין פון אַ לאָמפּ, וואָס האָט פאַרבלענדט מיינע אויגן — נישט באַוויזן צו זען ווו כ׳געפין זיך, האָב איך אויך דערפאַר, וואָס כ׳בין אויף אַ פּשוט ברוטאַלן אופן געוואָרן אָנגעכאַפּט פון פעסטע הענט פון צוויי אָדער דריי שפּיטאָל־באַדינער אין גרינער קליידונג, דערנאָך — מיך אָנגעכאַפּט פאַר די אָרעמס און פאַרן קאָפּ און, ווי מיך אומצוברענגען — מיטן גאַנצן כּוח גענומען מיר אַרונטער־בייגן דעם קאָפּ און אים אַריינקוועטשן צווישן מיינע קניִען...

ווי אַן אויסגעשפּיגענער פון עפּעס אַ ריזיקן מאָנסטער, בין איך מיט אַ נישט פולן באַוווסטזיין, ווי כ׳וואָלט געשוועבט צווישן הימל און ערד — געבליבן לסוף ליגן אַ לענגערע צייט גאַנץ אַליין אין אַ צימער אָדער קאָרידאָר. ערשט ביים פולן באַוווסטזיין, האָב איך זיך געזען ליגן אין מיין בעט, אינעם צימער ווו כ׳האָב זיך געפונען פאַר דער אָפּעראַציע.

כ׳בין געלעגן רויק, אַ צופרידענער, וואָס כ׳בין שוין איבער־געקומען... כ׳גיי דורך אַ בלוט־טראַנספוזיע. פון אַ ניילאָן־זעקעלע מיט אַ רויטער פּליסיקייט וואָס איז געהאָנגען אויף אַן אייזערנער שטאַנג נעבן מיין בעט, האָט די פליסיקייט לאַנגזאַם געטריפט אין אַ שמאָל עלאַסטיש דין רערל, וואָס האָט דערגרייכט צו מיין לינ־קער האַנט וואָס האָט גערוט אויף אַ ברעטל... פון מאָל צו מאָל איז צו מיר צוגעקומען אַ קראַנקנשוועסטער אָדער ווער פון די געזונטווערנז׳יקע, און מיר איינגענעצט די ליפּן מיט אַ ווייסער פליסיקייט אויף אַ פלאַך העלצל אַרומגעוויקלט מיט אַ שטיקל לייוונט.

ס׳האָט געגומען צופאַלן דער אָוונט. נאָך אַ ביסל, און אין צי־
מער און אויך אין קאָרידאָר, האָבן אויפגעלויכטן די נעאָ־לאָמפּן.
ס׳איז געקומען דער נאַכט־באַזוך פונעם הויפּט־כירורג און זיין
אַסיסטענט. היות מיין בעט איז געווען דאָס ערשטע ביים אַריינ־
גאַנג, בין איך געווען דער לעצטער צום אונטערזוכן. צוגעקומען
לסוף צו מיר און געפרעגט ווי איך פיל זיך, האָב איך קורץ גע־
ענטפערט: בסדר... געפּאָרעט זיך עטלעכע מינוט אַרום מיינע
באַנדאַזשן, האָט ער פּאָזיטיוו אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, געזעגנט
די קראַנקע מיט אַ „לילה־טוב" און פאַרלאָזט דעם צימער. אַ ביסל
שפּעטער האָט די דיזשורירנדיקע שוועסטער, לויט דער באַקומע־
נער אָנווייזונג פונעם הויפּט־דאָקטאָר — געמאַכט מיר אַן איינ־
שפּריצונג, געגעבן עטלעכע קאָלירטע טאַבלעטן און דערין —
איינע צום שלאָפן.

די ליכט אין צימער איז לסוף רעדוצירט געוואָרן ביז אַן
איינציק לעמפּל איבער אַ בעט פון אַ קראַנקן, וואָס האָט אַריינ־
געקוקט אין אַ בוך. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און אויך דאָס
איינציקע לעמפּל איז פאַרלאָשן געוואָרן. ס׳זענען אויך פאַרלאָשן
געוואָרן די נעאָ־לאָמפּן אינעם לאַנגן קאָרידאָר און צו דער שוועל
פונעם צימער איז קוים דערגאַנגען אַ שוואַך בלאַס ליכט, וואָס
איז געקומען פונעם אָרט ווו די קראַנקנשוועסטער איז געזעסן
הינטער אַ לאַנגן בופעט, גערעדט דורכן טעלעפאָן מיטן דאָקטאָר
און אָנגערופן מיין נאָמען.

דאָס אַריינרעדן אין טעלעפאָן האָט אויפגעהערט. אין צימער
איז פינצטער. אָבער נישט אַבסאָלוט. די פינצטערניש האָט נישט
קיין פולע שליטה איבער דער ווייסקייט פון די בעטן און בעט־
געצייג. אַרום איז שטיל. און ווייל אַרום איז שטיל — הערט זיך
בולטער וועמענס קרעכץ אין שלאָף און נאָך מער, — אַ שנאָרכן
פון קראַנקע, ווי אַ שנאָרכן פון געזונטע מענטשן. עס רעגט מיך
אויף. כ׳קאָן עס נישט פאַרטראָגן. נישט ווייל עס שטערט מיר צום

איינשלאָפן, נאָר צוליב דעם דיסאָנאַנס פון אַ שטיל קרעכצן ביז אַ געזונט, טומלדיק שנאָרכן...

כ׳ליג מיט אָפענע אויגן. מיין בליק קרייזט אַרום דעם צימער און שטעלט זיך פון מאָל צו מאָל אָפּ אויפן קאַלעפער נעבן מיין בעט. כ׳קוק אויף דעם און ס׳איז מיר נישט קלאָר מיין אויפמערקזאַמקייט צום דאָזיקן קעגנשטאַנד. מיין בליק שטעלט זיך אויך אַ מאָל אָפּ אויפן רעכטן ווינקל פון דער טיר־וואַנט, ביים סאַמען סופיט. אויף דעם אָרט האָב איך אין די טעג פאַר דער אָפּעראַציע געזען ווי אַ שפּין וועבט איר נעץ. יעדעס מאָל וואָס כ׳האָב צו איר אַרויפגעקוקט האָב איך געטראַכט: ווי אַזוי קומט זי דאָ אַהער אין דער זאָרגפעליקער זויבערקייט און, פאַר וואָס באַמערקט עס קיינער נישט. כ׳האָב אָבער וועגן דעם קיינעם נישט געזאָגט. פאַר וואָס? — ווייס איך נישט. אָבער איצט, אין דער נישט פולער פינצטערקייט, האָב איך זי געזען אַ סך גרעסער. נישט בלויז דאָס — יעדעס מאָל ווען כ׳האָב אָנגעשטעלט אויף איר מיין בליק, האָב איך זי געזען אַלץ גרעסער און גרעסער...

היות מיין בעט איז געשטאַנען דאָס ערשטע אין צימער און די טיר איז געשטאַנען אָפן, האָב איך אין געוויסע מאָמענטן אויפגעכאַפּט אַ שטילן טיק־טאַק פונעם גרויסן זייגער וואָס איז געהאָנגען אין קאָרידאָר הינטערן סופיט און, געווען נאָענט צום אַריינגאַנג אין צימער. (מיט טעג שפּעטער האָב איך זיך איבערגעצייגט, אַז מ׳הערט נישט פון אים קיין שום טיק־טאַק)... וויפל ס׳האָבן דאָרט געוויזן זיינע ווייזערס, האָב איך נישט געוווּסט און, די נאַכט האָט זיך געצויגן אַן אייביקייט... כ׳הער פון מאָל צו מאָל שטילע אייליקע טריט אינעם פאַרטונקלטן קאָרידאָר און, פאַר דער שוועל פונעם צימער שוועבט פאַרביי אַ געשטאַלט אין ווייסן, מיט אַ האַנט־לעמפל, וואָס גלאָצט מיט אַ רויט רונדיק אויג. איבערן קאָרידאָר, ביי איינעם פון די צימערן, פרעגט אַ קראַנקןשוועסטער: מי צילצל כאן?

כ׳בן אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרגעסונג וואָס האָט מיך אָפּגעריסן

פון דער ערדישער דאַאיקייט. אַרום מיר, אַרום זיך און אײנע אַרום דער צווייטער, דרייט זיך אין חלל אַ מענגע לויכטנדיקע קוילן פון פאַרשידענע גרייס און קאָליר. זייער אַרומגעפלי און אַרומקרייז ווערט אַלץ שנעלער, אַלץ האַסטיקער. קעגן מיין ווילן ווער איך אַריינגעצויגן אין דער מיט פון די כסדר זיך בייטנדיקע, פאַנטאַסטישע קאָמפּאָזיציעס פון די אַרומשוועבנדיקע קוילן... ווי אָנגעטאָן אויף מיינע הענט און פיס גומי־פּלעטוועס ווי עס טראָגן זשאַבע־מענטשן — שוועב איך מיט אינעם בלענדיקן געווירבל. נאָר מיט אַ מאָל האָט אַ בלענד־געטאָן אַ רויט ליכט און — אַ גע־שטאַלט אין ווייסן, איז שטיל און אייליק פאַרשוווּנדן פונעם צימער.

כ׳ליג מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און אָנגעשפּיצט אויער און דערפיל, אַז עס שלייכט זיך עפּעס אין מיר און אַרום מיר... און, פּלוצעם, האָט אַ שניידנדיקער ווייטיק אַ גלי־געטאָן אין מיין רעכטן פוס, ווי ס׳וואָלט ווער מיט אַ צוואַנג געוואָלט אַרויסרייסן פון דער פאַכווע אַ שטיק פלייש. כ׳קלאַמער איין מיינע שלאַבע־ריקע פינגער פון דער פרייער האַנט — אַרום דעם שמערצפולן אָרט און, פון מיין מויל רייסט זיך אַרויס אַ געשטיקט, פאַרטעמפּ־טער וויי־רוף: אָאָ!! אָאָ!! און מיט מינוטן שפּעטער — אַ ווייטיק אין מיין צווייטן פוס און, ווידער — מיין הילפלאָזער וויי־רוף: — אָאָ!! אָאָ!! אָאָאָ!!

קיינער הערט נישט מיין רוף, און איך אַליין אויך נישט... ווי נישט איך, נאָר אַ צווייטער, וואָס קאָן נישט פאַרטראָגן מיין פּיין, וואָלט עס פאַר מיר געטאָן... כ׳פאַרפּרעס די ליפּן און מיין בלאָנדזשענדיקער בליק, פול מיט גרענעצלאָזער פאַרצווייפלונג — נעמט שנעל אַרומקרייזן דעם צימער. כ׳זוך אַן אַנטרינונג... נאָר ווידער, און לענגער ווי אַלע מאָל — האָט מיין זוכנדיקער בליק זיך אָפּגעשטעלט אויף דער שפּין וואָס אינעם ווינקל אונטערן סופיט, און פון איר — אויפן קאַלעפער וואָס נעבן מיין בעט... די שפּין — אומגעהויער גרויס און, מיט אַ ריזיק בלוטדורשטיק אויג— האָט זי לאַנגזאַם שוועבנדיק אין דער לופט — זיך דער־

נענטערט צו מיר... כ׳האָב אין וואַקסנדיקן פחד פון איר אָפּגע־קערט דעם קאָפּ און זיך אָנגעטראָפן מיטן מיר־פאַרדעכטיקן קאַלעפּער... ס׳איז נישט געווען קיין קאַלעפּער נאָר — אַ טאָרטורן־אינסטאַלאַציע גענומען פון די קעלערן בעת דער שפּאַנישער אינקוויזיציע... — כ׳האָב איינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען און פאַרמאַכט די אויגן...

אויפגעקומען בין איך אַ דורכגעווייקטער פון שוויס און מיט קוים באַוועגלעכע אברים. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט און נישט באַנומען ווו איך געפין זיך, עמעצער האָט מיך באַטראַכט מיט נייגער און צוגעפירט צו מיינע ליפּן אַ שעלעכל מיט עפּעס אַ פליסיקייט. פון שוואַכקייט האָבן זיך מיר די אויגן אָפּט געשלאָסן. יעדעס מאָל ווען זיי האָבן זיך מיר געשלאָסן, האָט אַ דורכזיכטיקע, נעפּלדיקע ווייסקייט אויסגעפילט דעם אַרום און גאַנץ נאָענט פאַר מיין פנים, האָבן כסדר שטיל, מיט נישט געאיילטע טריט, פאַר־בייגעצויגן געאָרעמט און אין שוויגן — ווקסיקע גרוי־אָנגע־פּעלצטע געשטאַלטן מיט אייז־שטייפע פאַרבלאָזע פנימער... מורא־באַקומען, אַז זיי וועלן מיך צעטרעטן אונטער זייערע שווערע טריט, האָב איך מיט גרויס אָנשטרענג געפרעגט: „פאַר וואָס מוזן זיי אַלע דווקא דאָ פאַרבייגיין?! זאָלן זיי גיין מיט אַן אַנדער וועג!! (דאָס האָבן מיר מיט טעג שפּעטער איבערגעגעבן קראַנקע פון מיין צימער).

אַזוי האָט מיין „וויאַ דאָלאָראָזאַ” אָנגעהאַלטן עטלעכע נעכט נאָכאַנאַנד.

ס׳האָט גענומען אַריינטרעטן אַ לאַנגזאַמע, שטופּענווייזע בע־סערונג. בכדי זי זאָל אָנגיין מיט דערפאָלג — מוז מען עסן, עסן גוט און אַ סך. כ׳קאָן אָבער אַפילו ווייניק נישט עסן. די גרויסע צאָל אַנטיביאָטיקס מיט וועלכע מ׳האָט מיך כסדר „געשפּייזט”, האָבן געווירקט זייער צום שלעכטן אויף מיין כראָנישן „קאָליטיס”. ס׳האָט מיך אומאויפהערלעך באַגלייט אַ שטאַרקע איבלדיקייט, געשטאַרקט נישט נאָר ווען מ׳האָט מיר דערלאַנגט וועלכע ס׳איז

שפייז, נאָר אַפילו ווען מ׳האָט בלויז דערמאָנט דאָס וואָרט עסן.

באַווירקט לסוף פונעם אינסטינקט, וואָס האָט מיר אונטערגע־זאָגט, אַז מען מוז אַלץ טאָן בכדי ווייטער צו זיין... און זיך אַרויס־צובאַקומען פון דער פאַרפישופּטער נעץ וואָס האָט געהאַלטן גע־פאַנגען מיין פאַרצערטן גוף אין איר געפלאָנטער — נעם איך מיט צוואַנג קאָנסומירן די דערלאַנגטע מיר שפייז. דאָס עסן — ווען אַפילו מיט געוואַלד — טוט דאָס איריקע: כ׳קום ביסלעכווייז צו זיך. מיט דער אומזיכערקייט פון אַ קינד וואָס שטעלט די ערשטע טריט, שפּאַן איך פּאַמעלעך מיט עטוואָס פונאַנדערגעשפּרייטע הענט, איבערן לאַנגן קאָרידאָר. כ׳האָב מורא אַ קער־צו־טאָן דעם קאָפּ אויף רעכטס אָדער לינקס — כּדי נישט צו פאַלן...

מיט יעדן נייעם טאָג, פאַרלענגער איך מיט עטלעכע מינוט מיין אומזיכערן, שלאַבעריקן גאַנג איבערן קאָרידאָר. כ׳ווער ווי אַלע קראַנקע נאָך דער אָפּעראַציע — גוט געשפּייזט, דאָך האַלטן מיינע פיס קוים אויס די וואָג פון מיין גוף וואָס וועגט אין גאַנצן ניינאונפערציק קילאָ... און כאָטש איך ווער נאָך טעג און נעכט באַגלייט פון פאַרשידענע ווייטיקן און, ס׳זענען נישט פרעמד מיר קיין שלאָפלאָזע שעהען אין די נעכט — פיל איך אַז נאָכן אָפּליגן אַ ניין וואָכן אין שפּיטאָל — קומט אַ בעסערונג און, אַז די האָ־פענונג צוריק אַריינצוגיין אין לעבן — ווערט אַלץ רעאַלער.

# אַנטוישט

ווען אַרטור לייבציגער איז דורך דער אויסגאַנגטיר אויסגע־שטיגן פונעם אויטאָבוס, איז ביניש טייטלער, גראָד איינגעשטיגן דורך דער איינגאַנגטיר און, זיך אַוועקגעזעצט ביים אָפענעם פענצטער.

מיטאַמאָל האָבן זיך ביידנס בליקן צוזאַמענגעטראָפן און ביידע האָבן איינצייטיק, איינער צום אַנדערן, ווי אויסגעשריגן פון פאַר־ווונדערונג: „האַ! ווען זע איך דאָ?!" און — צוויי הענט האָבן זיך דורכן פענצטער פעסט געדריקט...

דריקנדיק די האַנט פון זיין יוגנט־חבר ביניש, האָט אַרטורס בליק זיך אַ ווײַלע אָפגעשטעלט אויף בינישעס גאָלדענעם „שאַפּ־האַוזען" און פון בינישעס האַנט — פאַרשנדיק, זיך אַ גליטש־געטאָן איבער זיין פנים...

— שוין לאַנג אין לאַנד? זיך שוין אַרומגעקוקט? אַ שמעק געטאָן? עפּעס איינגעפּעדעמט? — האָט אַרטור פאַראיינמאָל פאַר־שאָטן בינישן מיט פראַגן.

— שוין זעקס וואָכן, נאָך גאָרנישט באַוויזן... כ׳זוך... אָבער...



דאָ האָט דער אויטאָבוס אַ ריר־געטאָן און אַרטור לייבציגער האָט נאָך באַוויזן אַריינשטופּן אין דער האַנט פון זיין יוגנט־חבר זיין וויזיטקאַרטע און נאָכצושרייען אים, אַז ער דערוואַרט אים

היינט צו נאַכטמאָל ביי זיך, און אַז זיין טיר וועט שטענדיק שטיין פאַר „אים" אָפן...

פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און מיט אַ פאַרוואָרפּענעם גלאַט־פאַרקעמטן פאַמאַדירטן קאָפּ האָר אויפן אָנלען פונעם ווייך־געבעטן פאָטעל, איז אַרטור לייבציגער געזעסן אַ צופרידן־פאַר־קלערטער און געקוקט אויפן רויך פון זיין שמעקנדיקן ציגאַר, און זיך דערמאָנט, בעת מעשה, מיט וואָס פאַראַ לייכטקייט ער איז געשטיגן אַלץ העכער און העכער... און דאָס אַלץ — צו סאַר־דאַנקען זיין פלינקן קאָפּ און שאַרפן „ניוך". אדרבא, זאָלן זיי איצט קומען, זיינע אַמאָליקע חברים, — וועט מען זען, ווער ס'איז דער חכם און ווער ס'איז דער נאַר.

אָפּקלאַפּנדיק מיט אַ שנעל פון זיינע אויסגעבעטע ראָזלעכע פינגער דעם אַש פונעם ציגאַר איבערן אַשבעכער, האָט זיך אַרטור לייבציגער פאַרקוקט אויף דער דיקער גאָלדענער רינג פונעם מיטלסטן פינגער, און זיך פלוצעם הויך צעלאַכט מיט אַ שמאַלציק געלעכטערל, וואָס האָט מאָדנע, אומהיימלעך, אָפּגעקלונגען צווישן די פיר ווענט פונעם גרויסן לייכט־מעבלירטן צימער... ס'האָט זיך אים דערמאָנט, ווי נאָך אַ געלונגענעם מסחר מיט זיינס אַ פריש־געקומענעם שטאָטישן, ווען ס'האָט „שטאַרק ווייגעטאָן דער קאָפּ"... האָט ער אים, אַן „אייגענעם", געטאָן אַ טובה און — ביי אים אָפּגעקויפט די רינג מיט די פינקלענדיקע שטיינדלעך — פאַר אַ פערט־חלק פון זיין ווערט...

זיין פלינקער קאָפּ און גוטער „ניוך", האָבן אים אויך אונטער־געזאָגט, אַז פונעם אומגעריכטן צוזאַמענטרעף מיט זיין יוגנט־חבר בייניש טייטלער, וואָס דאַרף צו אים קומען אין אַ שעה אַרום — וועט שוין אַרויסקומען אַ שטיקל משא ומתן, און אפשר וועט ער אויך אים, קאָנען טאָן אַ שטיקל „טובה" און פאַר „שיטער געלט" — ביי אים אָפּקויפן דעם גאָלדענעם „שאָפּהאַוזען"...



פֿאַרענדיקט דעם פֿיינעם זאַטן אָוונטברויט, האָט אַרטור לייבציגער אויסגעשטרעקט צו זיין יוגנט־חבר בייניש טייטלער אַ לענגלעך שאַכטעלע און געבעטן אַ „צי־טאָן" פֿון זיינע שמעקנ־דיקע ציגאַרן און דערביי, אים גלייך אַ פֿרעג־געטאָן, צו וואָס ער, בייניש, טראַכט זיך צו נעמען.

— וואָס הייסט, צו וואָס ? — האָט בייניש איבערגעפֿרעגט און — אויסגעשטעלט אויף אַרטורן אַ פּאָר נאַיווע אויגן. — וואָס קאָן איך שוין זאָגן, צו וואָס ?!... — כ'בין דאָך ערשט געציילטע וואָכן אין לאַנד ! — איבעריקנס — בין איך גרייט זיך צו נעמען צו וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן...

אַרטורן האָט בײנישעס ענטפֿער נישט באַרויקט. — איך מיין — האָט ער אים אויפֿגעקלערט — אין וואָס פֿאַראַ מסחר אָדער אַנדער'ע ביזנעס, דו רעכנסט זיך אַריינלאָזן? וואָס פֿאַראַ אַרטיקלען דו זוכסט, אָדער צי האָסטו מיט זיך עפּעס געברענגט צום פֿאַרקויפֿן ? — ביסט דאָך מן הסתם געקומען מיט געוויסע פּלענער !

אַ ברייטער קלאָרער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף ביינישעס פּנים און, אַרויפֿלייגנדיק צוויי אויסגעאַרבעטע האַרטע דלאָניעס אויפֿן טיש־אַרויף — אויסגעשאָסן מיט אַ האַרציק געלעכטער :

הי־הי־הי, האַ־האַ־האַ !! — אָט דאָס בלויז, האָב איך צו פֿאַרקויפֿן !

— האָסטו, הייסט עס, נאָר דעם „שאַפּהאַוזען" צו פֿאַר־קויפֿן ?! — האָט אַרטור לייבציגער געקוקט אים גלייך אין די אויגן־אַריין.

— ניין, דאָס פֿאַרקויף איך נישט פֿאַר קיין שום געלט ! — האָט ביינישן אַ שלאָג־געטאָן דאָס בלוט אין פּנים אַריין... — דאָס איז אַן אָנדענק נאָך מיין אומגעקומענער פֿרוי !... אָט דאָס פֿאַרקויף איך : די הענט מיינע. די הענט !...



ווען דער אדון אַרטור לייבציגער האָט צומאָרגנס נאָכן פרישטיק זיך אַרויסגעלאָזט מיט זיין פלינקן קאָפּ און שאַרפן „ניוך” אין גאַס אַרויס, האָט ער נישט פאַרגעסן פאַרן אַוועקגיין אָנזאָגן זיין בערטען, אַז טאָמער וועט זיך דער „נעכטיקער” נאָכ־אַמאָל באַווייזן, זאָל זי אים אויפנעמען אַזוי, אַז ער זאָל פאַרשטיין, אַז ער האָט נישט מער נאָך וואָס צו קומען...

# נאָכוואָרט

אַ מוראדיקע עוולה געשעט לוי פּאַפּיערניקאָוון: זעלטן ווער עס זאָגט אַרויס זיין פולן נאָמען לוי פּאַפּיערניקאָוו — נאָר מען זאָגט: יוסף פּאַפּיערניקאָווס ברודער. לוי אַליין איז אַזוי סוגעס־טירט פון אַרום, אַז ווען ער האָט זיך מיט מיר באַקענט, האָט ער זיך אויך אַזוי פאָרגעשטעלט.

עס איז טאַקע נישט גוט פאַר אַ שרייבער צו האָבן אַ באַרימטן ברודער, אָבער נאָך ערגער איז ווען מען איז אַ שרייבער מיט אַן אַנדערן סטיל, מיט אַן אַנדער געמיט, און מיט אַן אַנדערן צוגאַנג. עס דראָט צו פאַרלירן די אייגענע שרייבערישע פיזאָ־נאָמיע. און לוי איז באמת אין גאַנצן אַן אַנדערער שרייבער ווי זיין ברודער יוסף.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו, דער דיכטער, איז אַ שרייבנדיקער, רעדנדיקער, שמועסנדיקער און אויך... אַ שטומער פּראָטעסט קעגן עקזיסטירנדיקן, קעגן דעם „עסטאַבלישמענט״, סיי דעם געזעל־שאַפטלעכן, סיי דעם שרייבערישן. לוי פּאַפּיערניקאָוו דאַקעגן איז אַ פּראָזאַיקער און ער איז פונקט דער היפוך — אַ מזג־טוב, אַ יאָ־זאָגער, אַ מענטש וואָס זוכט אַ זכות פאַר יעדן, און אויב ער זעט — און ער זעט גוט — אַן עוולה, עפּעס נישט גלייכס און אומשיושרדיקס, טוט ער נישט מער ווי אַ קרעכץ, אַ יידישלעכן קרעכץ.

צווישן די צוויי ברידער איז פאַראַן דער אייביקער שטרייט פון דער ליטעראַטור אַרום די פראַגע וואָס איז די ליטעראַטור אויסן?

פאַראַן אַזעלכע וואָס מיינען, אַז ליטעראַטור מוז עפּעס אויסן זיין, מוז ברענגען נוצן, דערציִען, דערציִונג מיינט נישט דווקא סאָציאַלע אָדער נאַציאָנאַלע צילן. דערציִען מיינט אויך מיטרייסן די לייענער צו די הויכע פּאָעטישע הימלען, אים מאַכן מיטפילן און דערהויבן.

אַנדערע מיינען, אַז ליטעראַטור דאַרף באַשרייבן, שילדערן בלויז דאָס לעבן, נישט האָבנדיק דערביי קיין שום כוונות. דעם אויספיר מאַכט אַליין, אויב איר ווילט עס. און איר מוזט נישט וועלן.

אָט אַזאַ שרייבער, אָן אַ מיסיע איז לוי פּאַפּיערניקאָוו. ער האָט זיך נישט פאַרמאָסטן נישט הויך און נישט טיף. ער האָט זיך צוגעקוקט, גוט צוגעקוקט צום לעבן און עס אויף אַן איידעלן אופן, פּשוטן אופן באַשריבן, און הגם די „משפּחה יעלניק" איז אַ גאַנצער ראָמאַן מיט פּאַסירונגען, איז אייגנטלעך נאָר אַ באַשרייבונג. עס גייען פאַרביי אייך באַקאַנטע פּאַסירונגען און איר זעט בולט דאָס גאַנצע שווער־דורכגעמאַכטע לעבן פאַר אייערע אויגן. אין ראָמאַן פעלט אָבער דער הויפּט־העלד, אָדער די הויפּט טענדענץ. אין דעם גרויסן ווידעראַנאַנד פון כאַראַקטערן און אידייען — איז דער מחבר נייטראַל. צו קיינעם האָט ער נישט קיין תרעומות — ער האָט אַלע ליב, און אַלע איז ער מוחל זייערע מעשים.

„די משפּחה יעלניק" איז אַ צייט כראָניק, ווו די געשעענישן יאָגן איינע די אַנדערע, און דער מחבר האָט נישט קיין צייט זיך אָפּצושטעלן. אויב ער פאַרגינט זיך נאָך אין די ערשטע קאַפּיטלען אויף אַ שילדערונג — יאָגט ער צו דערפאַר אין די שפּעטערדיקע קאַפּיטלען, ווו מיר האָבן בלויז פּאַסירונגען, און געשעענישן, ווי דער מחבר וואָלט מורא געהאַט, אַז ער קען צוליב דעם פאַרקריכן אויף זייטיקע וועגן און עפּעס פאַרשפּעטיקן. און דאָס איז אַ גרויסער שאָד. ווייל גראָד די שילדערונג איז די „שטאַרקע זייט" פון לוי פּאַפּיערניקאָוו — נישט דער סיפּור המעשה, און אויך דערפאַר,

וואָס גראָד, וואָס דער מחבר האָט אַליין שווער און טיף דורכגע־לעבט — איז פאַרצייכנט געוואָרן טעלעגראַף־מעסיק.

אַ באַזונדער גוט אויג האָט לוי פּאַפּיערניקאָוו פאַר זיינע ישראל־בילדלעך. זעט אויס, אַז כדי צו שרייבן גוט מוז מען זיך האַלטן ביים „גאָלדענעם מיטן". דאָס וואָס ער האָט אַדורכגעלעבט אין פוילן און אין רוסלאַנד, האָט צופיל געווירקט אויף זיין געמיט און זיין גוטער נאַטור האָט דאָס אָפּגעוואָרפן צוליב זעלבסטשוץ און זעלבסט פאַרטיידיקונג. דאַקעגן די חבלי לידה פון דער קליטה, וועלכע זענען געווען אין די כוחות, נישט איבער די כוחות פון מענטש זיי בייצוקומען — האָבן אָנגערעגט זיי טיפער צו באַ־טראַכטן.

לוי פּאַפּיערניקאָוו זעט די שוועריקייטן פון די ערשטע שריט אין לאַנד. ער איז אָבער נישט קיין קאַזיאָנער גוטזאָגער. ער זעט סיי די האָפענונגען, („ערשטער פרילינג", „בערקע דער שמיד") סיי די צערונענע אילוזיעס („געצעלע", „איר לייבלעכע שוועס־טער"). ער זעט אויך דעם אומדערקלערלעכן גורל, וואָס הרגעט אַ מענטש גראָד דעמאָלט ווען ער דערגרייכט זיין חלום צו ווערן אַ סטאַבילער אַרבעטער, צו באַקומען קבוע. ער זעט אַלע שווע־ריקייטן און טוט גאָרנישט צו געבן אַ העפּי־ענד („אַ נייער וועג־אַרבעטער", „דער ווילן צום לעבן") ווייל אין לעבן זענען די „העפּי־ענדס" אָפּט נישטאָ.

צוויי דערציילונגען מאַכן אַ ספּעציעלן רושם: „דער גלגול אין אַ ווייסן האָן", וואָס שטייט אויף דער גרענעץ פון רעאַליטעט און, די זייער שטימונגספולע דערציילונג „דער צוועלפטער סעפּ־טעמבער", וואָס שילדערט דעם גאַנג פון דער וועלט ווי אַ פּאַטום. אויף וועלכן מיר האָבן קיין איינפלוס נישט.

אין דער טעמאַטיק איז דער גוטמוטיקער, נישט פּרעטענציע־זער לוי פּאַפּיערניקאָוו אַוועק פון זיין מיפולן האָרעפּאַשנעם וועג, וועלכן ער האָט זיך אַליין אויסגעקליבן אין לעבן און, ער האָט

זיך אַ שפּיל־געטאָן מיט די פּראָבלעמען פון אײביקן גורל פון לעבן און טויט און, פון דער נאָענטער שייכות צווישן זיי.

דאָס איז אַ באַווייז, אַז לוי פּאַפּיערניקאָוו האָט נישט בלויז געזען און באַשריבן דאָס לעבן, נאָר אויך אַ טראַכט־געטאָן וועגן דעם וואָס איז דאָס לעבן אויסן ?

דער אײגענער גאַנג, וואָס לוי פּאַפּיערניקאָוו האָט זיך אויס־געקליבן, האָט אונדז איבערצייגט, אַז ער איז אַ שרייבער אין זיין אייגענעם זכות.

**י. קערש**

# אינהאַלט

## ביכער פונעם זעלבן מחבר:

אין דער נייער היים — דערציילונגען — דערשינען אין יאָר 1960, אין י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב.

די משפחה יעלניק — ראָמאַן — דערשינען אין יאָר 1962, אין י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב — מיט דער מיטהילף פון ועדת התרבות של מועצת פועלי חיפה און ועד פועלי הנמל, חיפה.

בעד אשנבי — סיפורים ורשימות בתירגום של שמאי מנדל, הוצאת „המנורה", תל־אביב 1969.

פון היינט און אַמאָל — דערציילונגען — דערשינען אין יאָר 1972, אין י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב.